בתוך מקהלות בני אדם כמו שאמר הכתוב על אהרן על גדולת מעלתו (ויקרא ו) והרים את הדשן וגומר והייבו הבורא להוציא את הדשן בכל יום תמיד להשפיל ולהסיר הגבהות מלבו וכמו זה אמר בדוד (שמואל ב ו) ותרא את המלך דוד מפזז ומכרכר לפני ה' ושאר הענין ואמר (תהלים קיט) ואדברה בעדותיך נגד מלכים ולא אבוש והשמיני שיספיק לו מסיבות המזון מה שיזדמן ומה שימצא מאשר תהיה נפשו נמבזה ונקלה בעיניו ולהנך אותה לעמוד מתאוותיה הגופניות ולהפנות לפרוע חובות הבורא על גודל טובותיו ורוב חסדו עליו כמו שאמר דוד (שם) דרך מצותיך ארוץ וגומר והתשיעי שינקום מן הרשעים לכבוד הבורא ואל תשיאהו מחילתו לבני אדם בצד עצמו למחול בדברי האלהים או למי שידבר בנביאיו

העוה"ב: והרים את הדשן והיינו הבורא כו'. כך מצאתי בירושלמי דשבת פרק המצניע א"ר לוי כתיב ולבש הכהן מדו בד והרים את הדשן אלא שאין גדולה בפלטין של מלך ע"ש בפי' הכותב: ותרא את המלך. במיכל בת שאול כתיב ותבז לו בלבה וסוף הענין ולמיכל בת שאול לא היה לה ולד עד יום מותה: לעמוד מתאוותיה. לעצור עצמו למעט בתאוות העוה"ז כדי שיוכל להפנות לפרוע כו' דרך מצותיך ארוץ כי תרחיב לבי מדאגת או מתאוות עוה"ז: ואל תשיאהו מחילתו לב"א בצד עצמו כו'. ר"ל אע"פ שיהיה האדם מן הנעלבים ואינם עולבים מדברי עצמו לא יבוש מדותיו ויסית אותו היצר שימחול

עושה לאלהים יתברך אין דער צייט אז ער טוט עפעס צו גאט יתברך בין לבדו בין בתוך מקהלות בני אדם סייא ער איז אליין סייא ער איז צווישין איין זאמלונג פון לייט זאל ער אליך זיין גדלות פאר לאזן כמו שאמר הכתוב על אהרן על גדולת מעלתו אזו וויא דער פסוק האט גיזאגט אויף אהרן הכהן וואש ער איז גיוועזן זייער אין איין הויכע מעלה שטייט אין (ויקרא) והרים את הדשן ער זאל דיא אש אראפ נעמן פון דעם מזבח וחייבו הבורא להוציא את הדשן בכל יום תמיד אונ דר באשעפר האט אים דרום מחייב גוועזן ער זאל אלע טאג דאש אש פון דעם מזבח ארויש טראגין להשפיל ולהסיר הגבהות מלבו כדי ער זאל זיך נידעריג האלטין אונ אפ צוא טאן דאש הויכקייט פון זיין הארצין האטשע ער איז אין איין גרוישע מעלה פון דעסט וועגין בדארפין אלע לייט זעהען וויא נידעריג ער מוז זיין קעגין גאט יתברך אונ מוז פון זיינע מחשבות אפ טאן דאש הויכקייט וכמו זה אמר בדוד אונ אזו אגלייכין שטייט בייא דוד המלך ותרא את המלך דוד מפזז ומכרכר לפני ה' אונ זיא האט גזעהן דעם מלך דוד שפרינגן אונ טאנצין פאר גאט ושאר הענין אונ וויא ווייטער שטייט נאך. אין (תהלים) שטייט ואדברה בעדותיך נגד מלכים אונ איך טוט ריידין אין דיין תורה קעגן די מלכים כלומר האטשע דיא מלכים פון דיא היידין האבין גישפעט פון מיר ווייל איך האב אליך גלערינט תורה ולא אבוש אונ פון דעסט וועגין האב איך מיך ניט גישעמט והשמיני אונ דאש אכטע איז שיספיק לו מסיבות המזון אז ער זאל זיך בנוגן לאזין מיט דיא מיטלן פון דעם שפייז מה שיזדמן מיט דעם וואש איז בייא אים אן גיברייט כלומר מיט דעם וואש ער האט ומה שימצא אונ מיט דעם וואש ער קאן גרייכין מאשר תהיה נפשו נמבזה ונקלה בעיניו מחמת זיין נפש וואש גילוסט צו תאות עולם הזה זאל בייא אים מבוזה אונ גרינג זיין ולהנך אותה אונ צו גיוואונן זיא כלומר דעם נפש לעמוד מתאוותיה הגופניות איין צוא האלטין אונ צו פאר מיידין זיא פון אירע לייבליכי תאוות ולהפנות לפרוע חובות הבורא אונ זאל זיך קערן צו בצאלין וואש ער איז שולדיג צום באשעפר על גודל טובותיו פאר זיין גרוישי גוטש ורוב חסדו עליו אונ פאר זיין פיל גנאד וואש ער האט אים גטאן אזו וויא דוד המלך האט גיזאגט דרך מצותיך ארוץ אין דעם וועג פון דיינע מצות טוא איך לויפן כי תרחיב לבי ווארום מיין הארץ טוט זיין בארוט פון דיא תאות העו"ז כלומר איך גלוסט צו זייא ניט דרום טוא איך לויפין צו דיינע מצות והתשיעי אונ דאש נייאנטע איז שינקום מן הרשעים לכבוד הבורא אז ער זאל זיך נוקם זיין פון דיא רשעים לפי דין המלכות פון וועגן דעם כבוד פון דעם באשעפר יתעלה ואל תשיאהו אונ עש זאל אים ניט אן ריידין כלומר ער זאל זיך קיין ראיה ניט נעמן מחילתו לבני אדם בצד



עצמו

בנביאיו וחסידיו וסגולתו ואל ינהג בעשק בני אדם איש את רעהו כמנהגו במהילתו להם בעשקם אותו אך יציל "העושק ויעזור להוציא מיד העושק כמו ("ופ"ל גרס עשוק) שכתוב (ירמיה כא) דינו לבקר משפט והצילו גזול מיד עושק ואמר (איוב כט) ואשברה מתלעות עול ויורה בני אדם עבודת האלהים ויוכיחם ויכלימם ויצוום על הטוב ויזהירם מן הרע "בידו ובלשונו כפי יכולתו וימהר לקחת דיני האלהים ממי שחייב בהם ולא יכנע ולא ישפל בזה כמ"ש בפנחס (תהלים קו) ויעמוד פנחס ויפלל ותעצר המגפה ותחשב לו לצדקה לדור ודור עד עולם והעשירי שיהיה מעט דברים וקולו נמוך ומעט שחוק ומעט שבועות בשם על האמת ולא יעבור על לשונו כזב ולא ישב בסוד משחקים ולא

(ר"ל שיכתוב ספרים על זה · שא"ל כוונתו שיכה אותם דה"ל לסקדים ובלשונו פ"ל)

שימחול ג"כ כדברי האלהים כו' : וכן אל ינהג בעושק כו' · עושק בסגול כם הגזילה עושק בצירי שם הגזלן : ויורה ב"א כו' · כמ"ש חז"ל כל מי שיש בידו למחות ואינו מוחה הוא נתפס בעונם : ויכלימם · היינו רשעים גמורים כמש"ל כפי יכולתו אבל אם אין יכולתו להוכיח אמרו חז"ל כשם שמצוה לומר דבר הנשמע כך מצוה שלא לומר דבר שאינו נשמע : ויעמוד פנחס ויפלל · ל' משפט כמו ונתן בפלילים וכן אמרו בגמ' בסנה־רין ויתפלל לא נאמר אלא ויפלל כו' : והעשירי כו' : וזה מכניעה ושפלות · ר"ל כל הנזכר לא יעשה מחמת גאוה אלא מחמת כניעה ושפלות כי לפעמים הוא כניעה פסולה : אבל

עצמו ווייל אין זיינע זאכן ווען איינר טוט אים עפיס בייז איז ער אים מוחל דרום וועט ער וועלין דער פון זיך א־ראיה נעמן למחול בדברי אלהים מוחל צו זיין אים ווען ער טוט עפיס קעגן גאט או למי שירבר בנביאיו וחסידיו וסגולתו אדר צו דעם וואש ער רעט אויף זיינע נביאים אונ חסידים אונ אויף זיינע גליבטע לייט זאל ער אזו ניט טאן ואל ינהג בעשק בני אדם איש את רעהו אונ ווען איינר פון די לייט טוט דעם אנדרין גזלען זאל ער זיך דרינן ניט נוהג זיין כמנהגו במחילתו להם בעשקם אותו אזו וויא זיין מנהג גיהער צו זיין אז זיי גזלען אים דאש ער בדארף זייא מוחל זיין אך יציל העשוק נאר ער זאל מציל זיין דעם וואש ווערט גרויבט ויעזור להוציא מיד העושק אונ זאל אים העלפין אז ער זאל זיינש אויש ציהען פון דעם רובר אזו וויא עש שטייט אין (ירמיה) דינו לבקר משפט משפט איר אלע פרי מארגין דעם רעכטן משפט והצילו גזול מיד עושק אונ בשירמעט דעם ברובטן פון די הענט פון זיין רובר אונ איוב האט גזאגט ואשברה מתלעות עול אונ איך האב צו בראכין דיא באק ציין פון דעם שאלקהאפטיגן מאן ויורה בני אדם עבודת האלהים אונ ער זאל לערנן די לייט וויא זייא זאלן גאט דינען ויוכיחם ויכלימם אונ ער זאל זייא שטראפין אונ צווא דיא רעכטע רשעים זאל ער פאר שעמן פאר דעם וואש זייא האבן ביז אהער בייז גטאן ויצוום על הטוב אונ זאל זיי גיביטן אויף גוטש צו טאן ויזהירם מן הרע אונ זאל זיי מזהיר זיין פון בייז בידו ובלשונו מיט זיין האנט כלומר ער זאל שרייבן ספרים אויף דעם וויא מען גהער ניט צו טאן קיין בייז נאר גוטש אונ זאל זיי שטראפין מיט זיין צונג כפי יכולתו וועדליג זיין יכולת וימהר לקחת דיני האלהים אונ זאל זיך אוילין אמשפט צו טאן פון גאטש וועגין ממי שחייב בהם פון אזעלכן וואש האט עש פר דינט ולא יכנע ולא ישפל בזה אונ זאל דרינן ניט אינטער טעניג אונ ניט נידעריג זיין כמו שאמר בפנחס אזו ווי דוד המלך האט גיזאגט אין (תהלים) פון פנחס ויעמוד פנחס ויפלל אונ פינחס איז אויף גשטאנן אונ האט גמשפט זמרי ווייל ער איז גלעגין מיט דער מדינית ותחשב לו לצדקה לדור ודור עד עולם אונ דאש איז גרעכינט גווארן פאר אגרעכטיקייט צווא אלע גיבורט ביז אייביג והעשירי אונ דאש צעהנטע איז שיהיה מעט דברים דאש ער זאל ווייניג ריידן וקולו נמוך אונ זיין קול זאל נידריג זיין ומעוט שחוק אונ זאל ווייניג לאכין ומיעוט שבועות ובשם אפילו על האמת אונ זאל ווייניג שווערין ביי דעם היליגן נאמן ווען עש איז שוין אפילו אמת ולא יעבור על לשונו כזב אונ זאל קיין ליגן איבר זיין צונג ניט ברייננן ולא ישב בסוד משחקים אונ זאל ניט זיצן אין

ולא ישמח במה ששמחים עמי הארץ מתענוגי העולם וזה מכניעה ושפלות לא מצד גדולה והתנשא כמו שאמר הנביא (ירמיה טו) לא ישבתי בסוד משחקים ואעלוז מפני ידך בדד ישבתי כי זעם מלאתני :

אבל הסימנים כו'. כשיראו בו אותן הסימנים בהם ההכנע אזי נתברר כניעתו אחד מהם כו'. כמ"ש לעיל מד"ה נפ"ו

פרק ז **אבל** הסימנים שבהם תתברר הכניעה מן הנכנע כשיראו בו הם חמשה אחד מהם בעת חוזק כעסו על מי שמבזה אותו בין במאמר בין במעשה שאם ימשול ברוחו וימחול אחר היכולת להנקם מענוה ושפלות יורה על ברור כניעתו והשני כשיפגעהו פגע בממונו או יקרהו מקרה בקרוביו אם יגביר הסבל על החרדה וירצה בגזרת הבורא ויצדיק את דינו יורה על כניעתו הטובה ושפלותו לאלהים כמו שאמר הכתוב על אהרן במה שארעו במות נדב ואביהוא (ויקרא י) וידום אהרן ואמר דוד (תהלים לז) דום לה' והתחולל לו ונאמר (עמוס ה) לכן המשכיל בעת

אין דער עצה פון דיא שפעטר ולא ישמח במה ששמחים עמי הארץ אונ זאל זיך ניט פרייען מיט דעם וואש דער פראסטער עולם פרייט זיך מתענוגי העולם פון דיא תענוגים פון דער וועלט וזה אונ דאש זאל ער אליך טאן מכניעה ושפלות מחמת אונטער טעניקייט אונ מחמת נידריקייט לא מצד גדולה והתנשא ניט מחמת זיך גרויש אונ חשוב צו מאכין כלומר ער זאל ניט טאן דריבר כדי מען זאל אים האלטין פר איין עניו מיינט ער דאך דער מיט כדי ער זאל גרויש זיין בייא לייטין הייסט דאש גדלות אזו וויא דער נביא האט גיזאגט לא ישבתי בסוד משחקים ואעלוז איך בין ניט גיזעסין אין דער עצה פון דיא שפעטער דאש מיר זאלין זיך פרייען וגו' :

**אבל** הסימנים שבהם תתברר הכניעה מן הנכנע אבער דיא סימנים וואש דורך זייא קאן מען קלאר ווישן אז איינר האלט זיך אונטער טעניג אונ נידעריג כשיראו בו אז דיא סימנים ווערין אין אים גיזעהן הם חמשה דיא סימנים זיינען פינף אחד מהם איינש פון דיא פינף איז בעת חוזק כעסו אין דער צייט אז ער איז שמארק ברוגז על מי שמבזה אותו אויף דעם וואש האט איהם מבזה גוועזן בין במאמר בין במעשה סיי ער האט אים מבזה גוועזן מיט רייד סיי מיט אמעשה שאם ימשול ברוחו אז ער וועט גיוועלטיגן איבער זיין כעס וימחול אונ ער וועט אים מוחל זיין אחר היכולת להנקם נאך דעם אז ער האט יוא יכולת אן יענם זיך נוקם צו זיין אונ וועט אים פארט מוחל זיין מענוה ושפלות מחמת זיינע עניוות אונ מחמת ער האלט זיך נידעריג יורה על בירור כניעתו דאש ווייזט אז ער איז גוויש אונטער טעניג : והשני אונ דאש אנדערע איז כשיגפעהו פגע בממונו ווען עש קומט אויף אים עפיס אשאדין אין זיין געלט או יקרהו מקרה בקרוביו אדער עש טרעפט זיך אים עפיס איין אום גליק אן זיינע קרובים אם יגביר הסבל אז ער מאכט שטארקן דיא מדה פון צו ליידין על ההרדה אויף דעם דער שרעקניש כלומר אז ער נעמט דאש אן באהבה וירצה בגזירת הבורא אונ ער נעמט אן מיט זיין ווילין דיא גזירה פון דעם בשעפער ויצדיק את דינו אונ ער וועט מאכין גירעכט נאטש דין כלומר ער וועט זאגין מן הכתם איז גאט בוודאי גירעכט יורה על כניעתו הטובה דאש ווייזט אויף זיין גוט אונטער טעניקייט ושפלותו לאלהים אונ אז ער איז נידעריג פאר גאט אזו וויא עש שטייט אין פסוק פון אהרן במה שאירעו במות נדב ואביהוא וואש עש האט זיך אים גיטראפין מיט דעם אז זיינע קינדער נדב ואביהוא זיינען גישטארבין שטייט אין (ויקרא) וידום אהרן אונ אהרן דאט שטיל גישוויגין אונ האט אן גנומן די גזירה פון גאט באהבה אונ דוד המלך האט גיזאגט אין (תהלים) דום לה' והתחולל לו ווארט צו גאטש

בעת ההיא ידום והשלישי כשיתפרסם ענינו אצל בני אדם בטובה או ברעה שאם ישבחוהו על טובה שעשה יבז למשבחו עליה ותהיה נקלה בנפשו וקטנה בעיניו מהיותה מקובלת ורצויה אצל הבורא לקטנותה נגד מה שהוא חייב בו מכפלי הטובה ההיא ויאמר למשבחו רב לך אחי כי אינה נגד עונותי אלא כניצוץ מן האש בים ואפי' אם תהיה נחשבת למאומה איך אדע אם היא נצלת מפגעי ההפסד המשיגים אותה עד שיקבלנה הבורא ממנו ולא ישיבנה עלי וישליכנה מפני כמ"ש (ישעיה א) כי תבאו לראות פני מי בקש זאת וגומר ואמר (שם) לא תוסיפו הביא מנחת שוא וגו' כ"ש אם ישבחנו בשקר שצריך

מפ"ו עיין עליהם יפה: יבז למשבחו עליה פי' יבוז עליהם למשבחו כלומר יבזה למעשהו הטוב לפני משבחו: ויאמר למשבחו רב לך · ר"ל פסוק מלשבח כי כבר שבחת יותר מדאי הר"ג: מס

גאטש הילף און האף צו אים און אין (עמוס) שטייט לכן המשכיל בעת ההיא ידום דרום דר וואש איז פאר שטאנדיג וועט דיא זעלביגע צייט שווייגין: והשלישי און דאש דריטע איז כשיתפרסם ענינו אצל בני אדם אז זיין פירונג ווערט מפורסם צווישן לייט בטובה או ברעה סאיי ער טוט גוטש אדר בייז ווערט עש מפורסם צווישן לייט שאם ישבחוהו על טובה שעשה אויב זייא וועלין אים לויבין אויף דעם גוטש וואש ער האט גיטאן יבז למשבחו עליה זאל ער מבזה זיין זיינע מעשים פאר דעם וואש לובט אים אויף זייא פלומר ער זאל זאגין וואש האב איך דען גאר גיטאן און דש הייסט גאר קיין מעשים טובים ניט ותהיה נקלה בנפשו און דאש וואש ער האט גיטאן זאל בייא אים גאר גרינג זיין וקטנה בעיניו און עש זאל קליין זיין איז זיינע אויגין מהיותה מקובלת ורצויה אצל הבורא אז עש זאל אן גינומען ווערין און באוויליגט זיין בייא דעם באשעפער לקטנותה נגד מה שהוא חייב בו ווייל דאש איז צו ווייניג קעגין דעם וואש ער איז שולדיג צו טאן מכפלי הטובה ההיא פיל טאפיל מאל מער איידער דאש גוטש וואש ער האט גיטאן ויאמר למשבחו רב לך אחי און זאל זאגן צו דעם וואש לויבט אים גינוג מיך צו לויבין מיין ברודר כי אינה כנגד עונותי ווארום דאש גוטין וואש איך האב גיטאן איז ניט מער גירעכינט קעגין מיינע עבירות אלא כניצוץ מן האש בים נאר אזו וויא מען ווארפט אפונק פייער אין ים ווערט דאך באלד פאר לאשין אזו ווערט מיין גוטש פר לאשין אין די פיל עבירות וואש איך האב ואפילו אם תהיה נחשבת למאומה און ווען דאש גוטש זאל שוין אפילו יוא עפיס גירעכינט זיין אנטקעגין מיינע עבירות איך אדע וויא קאן איך וויסין אם היא נצלת מפגעי ההפסד המשיגים אותה אויב דאש גוטש איז ניצול גיווארן פון באגעגנוש פון שאדין וואש קאן זיא גרייכין פלומר ווער וויים אויב דאש גוטש איז גיטאן גיווארין אין גאנצין פון גאט וועגין עד שיקבלנה הבורא ממני אז דער באשעפר זאל דאש פון מיר אן נעמן ולא ישיבנה עלי און ער זאל עש מיר ניט צוא ריק אום קערין וישליכנה מפני און אפשר וועט ער עש מיר ווארפין אין פנים ארין פלומר ווארום אז מען ברייננט איין האר אמתנה און זיא גיפעלט אים ניט קערט ער זיא אום צו ריק צו דעם וואש האט זיא גיבראכט און אפט קאן זיין מהמת ער איז ברוגז אויף דער מתנה ווארפט ער אים זיא אין פנים ארין אזו אויך האב איך מורא גאט זאל מיר ניט ווארפין מיינע מעשים טובים אין פנים ארין אזו וויא עש שטייט אין (ישעיה) כי תבואו לראות פני מי בקש זאת אז איר קומט צוא זעהען מיין שכינה ווער בגערט דאש פון אייך ווייטר שטייט לא תוסיפו הביא מנחת שוא איר זאלט ניט מערין צו ברייננען אפאלשע מנחה כל שכן אם ישבחנו בשקר מכל שכן אז מען לויבט אים מיט פאלשקייט פלומר אז מען זאגט אויף אים אזעלכע שבחים וואש זיינן גאר ניטא אין אים שצריך

להרחיק

שצריך להרחיק הדבר ההוא מעצמו ויאמר למספר די לי (ס"א לך אחי) בקצורי במה שאני חייב בו לבורא אל תקבין עלי עון קצורי ועון השבח במה שלא עשיתי כי אני יודע עונותי ופשעי יותר ממך כמו שאמר דוד ע"ה (תהלים נא) כי פשעי אני אדע. ואם יזכור ברעה שעשה יודה על נפשו בקצורו ואל יחזור אחר אמתלאות להנקות ממנה ולזכות עצמו כמ"ש יהודה (בראשית לח) צדקה ממני ואל ישתדל להכלים (ס"א להכחיש) המספר ואל יאשימנו על אשר גלה אותו אבל יאמר לו אחי מה שעור מה שהשקפת עלי מרוע מעשי אצל מה שלא ידעת ממני אשר האריך לי הבורא סתרו בהם ואילו היה נגלה לך רוע מעשי ועונותי. היית בורח ממני ומפחד מעונש הבורא עליהם כמ"ש אחד מן המשוררים (חטאי לו יריחון בם שכני אזי ברחו ורחקו מן גבולי) ואמר איוב

מה שעור מה שהשקפת כו' · מה שנתחבר זה המעט מרוע מעשי מה שאתה השקפת עליהם אע"ג מה שלא ידעת ממני מן שאר עונותי. והקב"ה יודע אותם והאריך לי אפו בהם שלא ענש אותי עליהם ברחמיו עד שאשוב : היית בורח ממני כי אוי לרשע אוי לשכנו כמ"ש אחד מן המשוררים חטאי כו' והוא בתחינות של שומרים לבוקר ביום שני שאין בו תחנון ויש בה ט"ס ע"ש : אך התימה שהרו עלי כו' · אך יש לתמוה שהבורא יתברך מכסה עלי במה שהוא יותר מגונה כו' : ואם מה שספרו עליו שקר יאמר למספר כו' · הרף אחי ותמול על זכיותיך כו' · עד וע"ז בזהירנו שכתוב זכור את אשר עשה ה' אלהיך למרים עיין בס' זכירות שלי בזכירת מרים מה שהארכתי בענין זה ושם הבאתי לשון המגיד מישרים בהוספ' על הב"י ואמר לו בזה"ל כי מי שאומר לה"ר על חבירו

מגכין

להרחיק הדבר ההוא מעצמו מוז ער בוודאי די זאך פון זיך דער ווייטערין ויאמר למספר אונ זאל זאגין צו דעם וואש דער ציילט אויף אים דיא שבחים די לי בקצורי במה שאני חייב בו לבורא מיין ברודר איך האב גינוג וואש איך טוא צו ווייניג אין דעם וואש איך בין שולדיג צו טאן דעם בשעפר אל תקבין עלי עון קצורי זאמיל ניט איין אויף מיר איך זאל האבין צווייא זינד איין זינד וואש איך טוא ווייניג וואש איך בדארף צו טאן דעם בשעפר ועון השבח אונ דיא זינד וואש מען זאל מיך לויבין במה שלא עשיתי אויף דעם וואש איך האב ניט גיטאן כי אני יודע עונותי ופשעי יותר ממך דען איך ווייס מיינע זינד בעשער אז דוא אזו וויא דוד המלך האט גיזאגט כי פשעי אני אדע דען מיינע זינד ווייש איך ואם יזכור ברעה שעשה אונ ווען איינער ווערט אים אויף ווארפין זיין בייז וואש ער האט גיטאן יודה על נפשו בקצורו זאל ער מודה זיין אויף זיך אז ער האט דרינען גיקירצט כלומר אז ער האט ניט רעכט גיטאן אנטקעגין גאט ואל יחזור אחר אתמלאות אונ זאל ניט נאך זוכין נאך אויש רייד להנקות ממנה ער זאל זיך דער פון ריין מאכין ולזכות עצמו אונ זיך גירעכט צו מאכין נאר אזוי וויא יהודה האט גיזאגט צדקה ממני זיא איז גירעכט פון מיר איז זיא מעוברת ואל ישתדל להכלים המספר אונ ער זאל זיך ניט פלייסין צו פאר שעמן דעם וואש ער דר ציילט פון זיין בייז ואל יאשימנו אונ זאל אים ניט שולדיג מאכין על אשר גלה אותו ווייל ער האט אנטפלעקט זיין זינד אבל יאמר לו נאר ער זאל צו אים זאגין אחי מה שעור שהשקפת עלי מרוע מעשי וואש איז דען גירעכינט דיא בייזע מעשים וואש דוא האשט גיקוקט אויף זייא אצל מה שלא ידעת ממנו קעגין דיא בייזע מעשים וואש איך האב וואש דוא ווייסט זייא ניט אשר האריך לי הבורא סתרו בהם וואש דער בשעפר האט מיר אזו לאנג זייא פר בארגין ניהאלטין אונ האט מיך אויף זייא ניט גישטראפט ואילו היה נגלה לך רוע מעשי ועונותי אונ ווען עש זאל דיר אנפלעקט ווערין מיינע בייזע מעשים אונ מיינע זינד היית בורח ממני וואלשטו פון מיר אנטלאפין גיווארין ומפחד מעונש הבורא עליהם אונ וואלשט זיך גיפארכטין אז גאט זאל דיך אויך איבער זייא ניט שטראפין ווארום ווייא איז צום רשע אונ ווייא איז צו זיין שכן דרום וואלשטו פון מיר אנטלאפין גיווארין אזו וויא איינער פון דיא משוררים האט גיזאגט חטאי לו יריחון בם שכני ווען מיינע שכנים זאלין שמעקין מיינע זינד כלומר ווען זייא זאלין פון

איוב (איוב לא) אם כסיתי כאדם פשעי ואם מה שספרו עליו שקר יאמר למספר אחי אין מן התימה מה שהצילני הבורא מעשות מה שתלית בי אצל רוב הטובות אשר גמלני אך התימה סתרו עלי במה שהוא יותר מגונה וגדול מאוד ממה שספרת עלי הרף אחי וחמול על זכיותיך שלא תאבדנה ממך ולא תרגיש כי כבר נאמר על אחד מן החסידים שזכרו אותו לרעה וכיון שהגיעו הדבר שלח למדבר בו כלי מלא מזמרת ארצו וכתב אליו הגיעני ששלחת לי מנחה מזכיותיך וגמלתיך בזה ואמר אחד מן החסידים הרבה בני אדם יבואו יום החשבון וכשמראים להם מעשיהם ימצאו בספר זכיותם זכיות

מנכין לו מזכיותיו ונותנים לזה שדבר בו כו'. הוא אמת ויציב ואלו הוו ידעי בני נשא דא הוו חדאין כד שמעי דאמרי בים מנהון כאלו יהבי לון מתנת כסף או זהב אלא בגין יקרא דאורייתא דילך דזלזלו בה אשוי לכ"א קטירי דיקומון בהון ואתה תעמוד מנגד ותחזי ותחדי אבל את לא תסתכל בהסית ולא במלה אורחא רק ביראת ה' כל היום וכל הלילה ובתורתו עכ"ל ועפ"ז נתבאר לי הפסוק לכו בנים וגו'. מי האיש החפץ חיים ר"ל באיש. צדיק משמעי קרא. החפץ חיים נצחיים בעוה"ב אוהב ימים לראות טוב בעמלו שעמל תחת השמש באותן ימים שעשה ופעל בהם מצות ומע"ט ורוצה לראות אותם ולהנות מהם בעוה"ב כמו שהאריכו בזוהר ס' ויחי הבאתי לשונו בסוף ההקדמה ע"ש שלא תאבדנה ואיש אחר יקחנה אזי זאת העצה נצור לשונך מרע וגו' ועל ההיפוך בנותנים לזה המדבר לש"ה הטובות של חבירו יש רמז בזה בתהלים ז' בור כרה ויחפרהו ויפול בשחת יפעל ר"ל מה שפעל וחפר הוא יפול בו ועוד ישוב עמלו מה שעמל זה המדבר מצות ומע"ט ישיב בראשו של זה שדבר עליו ועל קדקדו של זה המדבר חמסו של נדבר יורד במקומו כנ"ל ואפשר לומר שזאת מדה כנגד מדה כשם שזאת רוצה למעט כבודו או להזיק או בשאר דברים

זֵיי ווִישְׁן אזי ברחו ורחקו מן גבולי וָואלְטִין זֵיי פוּן מִיר אַנְטְלָאפִין גִיוָוארִין אוּנ וָואלְטִין זִיךְ דֶער ווַייטֶערְט פוּן מַיין גְבוּל כְּדֵי זֵיי זָאלִין דוּרְךְ מִיר אוֹיךְ נִיט גִישְׁטְרָאפְט וֶוערִין ואם מה שספרו עליו שקר אוּנ אוֹיבּ דִי זִינְד וָואשׁ מֶען דֶער צֵיילְט אוֹיף אִים זַיינֶען פַאלְשׁ יאמר למספר זָאל עֶר זָאגִין צוּ דֶעם וָואשׁ דֶער צֵיילְט דִיא זִינְד אוֹיף אִים אין מן התימה דָאשׁ אִיז קֵיין ווָאוּנְדֶער נִיט מה שהצילני הבורא מה שתלית בו וָואשׁ דֶער בַּשֶׁעפֶער הָאט מִיךְ מַצִיל גִיוֶוען פוּן צוּ טְאן דִי עֲבֵירוֹת וָואשׁ דוּ הָאשְׁט אָן גִיהַאנְגֶען אִין מִיר אַז אִיךְ הָאבּ זֵיי גִיטָאן אצל רוב הטובות אשר גמלני קֶעגְן דִיא פִיל טוֹבוֹת וָואשׁ עֶר הָאט מִיר גִיטָאן כְּלוֹמַר וָואשׁ גָאט הָאט מִיר אַזוֹ אַיין טוֹבָה גִיטָאן וָואשׁ עֶר הָאט מִיךְ אָפּ גִיהִיט פוּן דֶער עֲבֵירָה וָואשׁ דוּ זָאגְשְׁט אוֹיף מִיר אִיז דָאשׁ קֵיין חִידוּשׁ נִיט וָוארוּם עֶר הָאט מִיר גִיטָאן נָאךְ פִיל גְרֶעשֶׁערֶע טוֹבוֹת אך התימה סתרו עלי במה שהוא יותר מגונה נָאר דָאשׁ אִיז אַיין וואוּנְדֶער וָואשׁ עֶר הָאט פַאר בָּארְגִין אוֹיף מִיר נָאךְ פִיל עֶרְגֶערֶע עֲבֵירוֹת וָואשׁ אִיךְ הָאבּ גִיטָאן וגדול מאוד אוּנ זֵייעֶר גְרֶעשֶׁערֶע ממה שספרת עלי פוּן דִי עֲבֵירוֹת וָואשׁ דוּ דֶער צֵיילְשְׁט אוֹיף מִיר הרף אחי לָאז אָפּ מַיין בְּרוּדֶער כְּלוֹמַר רֵייד מֶער אוֹיף מִיר נִיט וחמול על זכיותיך אוּנ דֶער בַּארֶעם זִיךְ אִיבֶּר דַיינֶע זְכִיוֹת שלא תאבדנה זֵיי זָאלִין פוּן דִיר נִיט פַר לָארִין וֶוערִין ולא תרגיש אוּנ דוּא וֶועשְׁט נִיט פִילִין כי כבר נאמר וָוארוּם עֶשׁ אִיז שׁוֹין לַאנְג גִיזָאגְט גִיוָוארִין על אחד מן החסידים שזכרו אותו לרעה אוֹיף אֵיינֶעם פוּן דִי חֲסִידִים וָואשׁ מֶען הָאט אִים דֶער מָאנְט אוֹיף בֵּייז כְּלוֹמַר אֵיינֶער הָאט אוֹיף אִים גִירֶעט וכיון שהגיע הדבר אוּנ אַז דִיא זַאךְ אִיז אָן גִיקוּמֶען צוּם חָסִיד שלח למדבר בו כלי מלא מזמרת ארצו הָאט עֶר גִישִׁיקְט צוּא דֶעם וָואשׁ הָאט אוֹיף אִים גִירֶעט אַיין פוּלֶע כֵּלִי מִיט דִי בֶּעשְׁטֶע פֵּירוֹת פוּן זַיין לַאנְד וכתב אליו אוּנ הָאט גִישְׁרִיבִּין צוּא אִים הגיעני ששלחת לי מנחה מזכיותך עֶשׁ אִיז מִיר אָן גִיקוּמֶען דִי מַתָּנָה וָואשׁ דוּ הָאשְׁט מִיר גִישִׁיקְט פוּן דַיינֶע זְכִיוֹת וגמלתיך בזה אוּנ אִיךְ בַּצָאל דִיר דֶער מִיט ואמר אחד מן החסידים אוּנ אֵיינֶער פוּן דִי חֲסִידִים הָאט גִיזָאגְט הרבה בני אדם יבואו יום החשבון עֶשׁ טְרֶעפְט זִיךְ אָפְט דָאשׁ פִיל לַייט וֶוען זֵייא קוּמֶען פַאר דֶעם יוֹם הַדִין זֵיי זָאלִין חֶשְׁבּוֹן גֶעבִּין פוּן זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים וכשמראים להם מעשיהם אוּנ אַז מֶען ווַייזְט זֵיי זֵייעֶרֶע מַעֲשִׂים ימצאו בספר זכיותם גִיפִינֶען זֵיי

אין

זכיות שלא עשו אותם ויאמרו לא עשינו אותם ויאמר להם עשה אותם אשר דבר בכם וספר בגנותכם וכן כשיחסרו מספר זכיות המספרים בגנותם יבקשו אותו בעת ההיא ויאמר להם אבדו מכם בעת שדברתם בפלוני ופלוני וכן יש מהם גם כן שימצאו בספר חובותם חובות שלא עשו וכשאומרים לא עשינום יאמר להם נוספו עליכם בעבור פלוני ופלוני שדברתם בם כמו שאמר (תהלים עט) והשב לשכנינו שבעתים אל חיקם חרפתם אשר חרפוך ה' ועל זה הזהירנו הכתוב באמרו (דברים כד) זכור אשר עשה ה' אלהיך למרים בדרך והרביעי כשייטיב לו האל בטובה גדולה ובחכמה יתירה ותבונה רבה או עושר גדול או כבוד אצל המלכות והדומה לזה ממה שנהגו בני אדם להתפאר בהם ולהתגאות בעבורם ונשאר על ענין שפלותו קודם לכן ולא הוסיף אלא ענוה ושפלות

דברים אשר על כן מספר עליו לשון הרע כן יתמעטו זכיותיו כשו"ב וניתן לזה שעבר על לאו לא תשא שמע שוא שעל לה"ר נאמר וכן אמרו מכה רעהו בסתר עונשו לסול בגיהנם של חלקו זה שדבר בו וכנ"ל וע"ז שהזהירנו שכתוב באומרו זכור וגומר כבר כתבתי גם בס"ז שלי שהוא מ"ע לזכור פסוק זה ג"כ בכל יום לדעת הרמב"ן ושאר פוסקים והבל"ס דרמ"ב וכן נראה דעת המחבר כאן וע"ש באורך: ונשאר על ענין שפלותו קודם לכן · ר"ל שנוהג עתה מנהגו בשפלות כמו שנהג קודם שעלה לגדולה; וי"ג

אין דעם ספר פון זייערע זכיות זכיות שלא עשו אותם אזעלכע זכיות וואש זייא האבין זייא ניט גיטאן ויאמרו לא עשינו אותם זאגין זייא מיר האבין גאר דיא זכיות ניט גיטאן ויאמר להם זאגט מען צו זיי עשה אותם אשר דבר בכם וספר בגנותכם די זכיות האט גיטאן אנאנדערער דער וואש האט פון אייך בייז גירעט אונ האט דער ציילט פון אייער חרפה זיינען דיא זכיות אייך צוא גירעכינט גיווארן וכן כשיחסרו מספר זכיות המספרים בגנותם אונ אזו אויך אז עש ווערט גימינערט די צאל פון די זכיות פון די וואש האבין גירעט פון זייער שאנד יבקשו אותו בעת ההיא זוכין זיי דיא זכיות אין דער זעלביגער צייט אז זיי קומען אפ געבין חשבון אונ זאגין מיר האבין דאך גיטאן די אונ די זכיות ויאמר להם זאגט מען צו זיי אבדו מכם זיי זיינען פון אייך פר לארין גיווארן בעת שדברתם בפלוני ופלוני אין דער צייט אז איר האט בייז גירעט פון דעם אונ דעם מענטשין וכן יש מהם ג"כ שימצאנו בספר חובותם אונ אזו אויך איז פר האנדין אמייל וואש זיי גיפינען אין דעם בוך פון זייערע זינד חובות שלא עשו זעלכע זינד וואש זיי האבין גאר ניט גיטאן וכשאומרים לא עשינו אונ אז זיי זאגין מיר האבין גאר די זינד ניט גיטאן יאמר להם זאגט מען צו זיי נוספו עליכם בעבור פלוני ופלוני שדברתם בם די זינד זיינען אייך צו גירעכינט גיווארן ווייל איר האט פון דעם אונ דעם בייז גירעט אזו וויא עש שטייט אין (תהלים) והשב לשכנינו שבעתים אל חיקם אונ קער אום די זינד פון די ישראל צו די עובדי גלולים זיבין מאל זיבין אזו פיל אין זייער שוים חרפתם אשר חרפוך איבר זייער לעסטערין וואש זיי האבין דיך גאט גילעסטערט ועל זה הזהירנו הכתוב אונ דרויף האט אונז דער פסוק מזהיר גיוועזן מען זאל ניט ריידין קיין לשון הרע אויף דעם אנדרין באמרו מיט דעם וואש ער האט גיזאגט זכור את אשר עשה ה' אלהיך למרים בדרך גידיינק וואש גאט דיין גאט האט גיטאן צו מרים אין דער וועג ווייל זיא האט גירעט אויף משה דרום זאלט איר ניט ריידין איינער אויף דעם אנדערין והרביעי אונ דאש פערטע איז כשייטיב לו האל בטובה גדולה ווען גאט האט אים בגיטיגט מיט איין גרוישע טובה ובחכמה יתירה אונ מיט גרויש חכמה ותבונה רבה אונ מיט פיל פר שטאנד או עושר גדול אדער מיט גרויש עשירות או כבוד אצל המלכות אדער מיט כבוד בייא דעם מלכות והדומה לזה אונ נאך אזו אגלייכינעש ממה שנהגו בני אדם להתפאר בהם ולהתגנות בעבורם מיט דעם וואש לייט זיינען זיך נוהג דער מיט צו ברימען אונ בעל גאוה האלטין ונשאר על ענין שפלותו קודם לכן אונ ער האלט זיך פארט אזו נידעריג וויא פריער ולא הוסיף אלא ענוה ושפלות

ושפלות לפני האלהים וכבוד וטובה לבני אדם כמו שאמר אברהם עת ששבחו הבורא ואמר (בראשית יח) המכסה אני מאברהם וגומר ואנכי עפר ואפר · ואמר משה (שמות יב) ונחנו מה ואמר דוד ע"ה (תהלים כב) ואנכי תולעת ולא איש אז יתברר מצפונו ותאמן כניעתו ואמר החכם בענין הזה (קהלת י) אם רוח המושל תעלה עליך וגו' והחמישי כשהוא מוכיח את נפשו ונותן דין הבורא מעצמו "אע"פי שאין יכולת לדון על זה והתברר כניעתו לאלהים ושפלותו ושחותו כמו שנאמר (עזרא י) אנחנו מעלנו באלהינו וגו' ונאמר (שם) ויתנו ידם להוציא נשיהם ועם המאורעים האלה והדומים להם יתקיימו סימני הכניעה לאל יתעלה והשפלות מן

("אע"פ כי אין אדם יכול לחייב את עצמו כי אדם קרוב אצל עצמו ר"ג)

וי"ג שקודם לכן אברהם אמר ואנכי עפר ואפר ומשה ונחנו מה ודוד אמר ואנכי תולעת וגו' כל אחד אמר לפי מדרגתו וקרבתו אל אלהים ומי שהוא קרוב יותר אל ה' הוא שפל בעיניו יותר ממי שאינו קרוב כ"כ שהוכר שיש בו אשם דבר ואינו כלום אצל הקרוב יותר כך שמעתי בשם הבעש"ט זללה"ה · ותאמן כניעתו ותהיה כניעתו אמת והתי"ו בציר"י : את נפשו את עצמו ונותן דין הבורא מעצמו ר"ל שהוא דן את עצמו כך כמו שראוי היה לבורא לחייבו ע"ז כן מצדיק עליו את הדין מעצמו קודם שבא עליו עונש הבורא ועי"ז הוא מתודה ומתרעם על מעשיו הרעים ושב מהם קודם בא עליו העונש כמו שכתב הראשונה הזכיר בשער התשובה פ"ו ע"ש : אע"פ שאין יכולת לדון ע"ז · כי מי יוכל ורואה לעונשו מה שהוא נסתר מנגד ב"א אעפ"כ יודע שאין שכחה לפניו ית' הוא נכנע ושב ורפא לו · כמו שנאמר ויען שכניה בן יחיאל מבני עילם ויאמר לעזרא אנחנו מעלנו באלהינו ונשב נשים נכריות מעמי

ושפלות לפני האלהים אונ ער האט ניט גימערט דער מיט נאר ענוה אונ נידעריקייט זיך צו האלטן פר גאט כלומר דורך דער חכמה אז ער דורך דעם עשירות האלט ער זיך נאך נידעריגער פר גאט וכבוד וטובה לבני אדם אונ טוט נאך מער כבוד אונ גוטש צו לייט כמו שאמר אברהם אזו וויא אברהם אבינו האט גיזאגט אין דער צייט אז דער בשעפער האט אים גילויבט ואמר המכסה אני מאברהם אונ האט גיזאגט וועל איך דען פר הולין פון אברהם וואש איך וועל טאן האט אברהם גיזאגט ואנכי עפר ואפר אונ איך בין ערד אונ אש אונ משה רבינו האט גיזאגט ונחנו מה אונ וואש זיינען מיר גאר כלומר מיר זיינען גירעכנט פאר גאר נישט אונ דוד המלך האט גיזאגט ואנכי תולעת ולא איש אונ איך בין איין ווארים אונ ניט קיין מענטש ווען דער מענטש וועט זיך אזו אגלייכינעש האלטן אז יתברר מצפונו דענמאלט ווערט אויש גיקלערט זיינע בהאלטענע מחשבות ותאמן כניעתו אונ זיין כניעה וועט אמת זיין אונ דער חכם שלמה המלך האט גיזאגט אין דעם ענין אם רוח המושל תעלה עליך ווען איין גימיט פון איין גיוועלטיגער קומט אויף דיר ער זאל דיך גרויש מאכין אונ דער הובין פון דעשט וועגין זאלשטו דיין ערשט שפלות ניט אוועק ווארפין והחמישי אונ דאש פינפטע איז כשהוא מוכיח את נפשו אז ער שטראפט זיך זעלבישט ונותן דין הבורא מעצמו אונ גיט ארויש אויף זיך זעלבערט וואש פר א משפט דער בשעפער דארף אים טאן אע"פ שאין יכולת לדון על זה האטשע ער האט די יכולת ניט דריבער צו טאן דעם משפט כלומר ער זאגט אויף זיך אליין איך בין חייב סקילה האטשע ער האט ניט די יכולת עש זאל אזו זיין וויא ער משפט זיך (עיין בהג"ה) תתברר כניעתו לאלהים ווערט מען דאך גיוואר זיין אונטער טעניקייט צו גאט ושפלותו ושחותו אונ זיין נידערקייט אונ זיין איין גיבויגינקייט וואש ער איז פר גאט אזו וויא עש שטייט אין (עזרא) אנחנו מעלנו באלהינו מיר האבין גיפעלשט קעגן גאט אונ נאך שטייט דארטין ויתנו ידם להוציא נשיהם אונ זיי האבן זיך בווילגט אירע פרעמדע ווייבר צו פר טרייבן ועם המאורעים האלה והדומים להם אונ דורך אזעלכע זאכן אונ נאך אזו אגלייכן יתקיימו סימני הכניעה לאל יתעלה קאן מען ווישין גיוויש די סימנים פון אונטער טעניקייט פר גאט יתעלה והשפלות מן הנכנעים אונ דאש נידעריקייט קאן מען ווישן גיוויש פון די וואש זיינען זיך מכניע ותראה אמונת

לבבם

מן הנכנעים ותראה אמונת לבבם בהם :

פרק ה **אבל** אם הכניעה סמוכה למדות הטובות או המדות הטובות סמוכות לה אומר בתשובת זה מן הידוע אצלנו כי תחלת מה שתתקים בו העבודה לאלהים מן האדם הוא שיתנצל לו ממדת האדנות כי משער המצטרף אשר תתחייב מציאות כל אחד במציאות האחר שהאדם איננו ראוי לשם עבד עד שיהיה לו אדון והאדון לא יהיה ראוי לשם הזה עד שיהיה לו עבד וכל אחד מהם בענין הקונה והקנוי איננו קודם את חבירו בשם ובערך ולא תתקיים העבודה מן האדם לאלהים אלא עד שיקבל על עצמו כל מדות העבדות והן הכניעה והשפלות לפניו ושיתנצל לו מכל מדות

מעמי הארץ ועתה יש מקוה לישראל על זאת ועתה נכרתה ברית וגו' :

**אבל** אם הכניעה סמוכה למדות הטובות ר"ל מי נתלה במי הלא מאחר שיש באדם אלו מדות הטובות יוכל לבא למדת הכניעה או לא שהכניעה הוא העיקר וע"י הכניעה יוכל לבא למדות הטובות : שיתנצל לו ממדת האדנות כלומר כל זמן שלא פירש האדם ונצל מאתו כל מדה ממדות האדנות והגאוה והגדולה · אזי איך יוכל לעבוד את ה' מאחר שהוא ג"כ אדון ואיננו ראוי לעבוד אחרים · כי משער המצטרף אשר כו' ר"ל כי זה הדבר שנתבאר הוא ממאמר המצטרף אחד מעשרה מאמרו' שנתבארו בספרי ההגיון וכבר נזכרים בפ"ו משער היחוד ע"ש ופירוש שער המצטרף הוא · אשר תתחייב מציאות כל א' במציאות האחר · כלומר אם נמצא דבר זה בשם זה דהיינו שנקרא בשם עבד בודאי יש לו אדון ואם נקרא אדון יש לו עבד וזה בלא זה א"א : וכל אחד מהם בענין הקונה והקנוי אם זה יקרא קונה יש דבר שנקנה לו ואם הוא קנוי לאחד בודאי יש לו קונה והאדון · ובשמות הללו מחייב

לבבם בהם אונ עש ווערט גיזעהן אין זייא דאש גלייבונג פון זייער הארץ :

**אבל** אם הכניעה סמוכה למדות הטובות אבר אויב די אונטר טעניקייט איז נאהענט צוא די גוטע מדות או מדות הטובות סמוכות לה אדער די גוטע מדות זיינן נאהענט צוא איר כלומר אויב דיא מדות טובות זיינן דער עיקר אונ דיא כניעה איז איין טפל צו זייא אדער אויב פאר קערט די כניעה איז דער עיקר אונ דיא איבריגע גוטע מדות זיינן אטפל צו איר אומר בתשובת זה וועל איך זאגן אתשובה דרוף מן הידוע אצלנו דאש איז ביי אונז גיוויש כי תחילת מה שתתקיים בו העבודה לאלהים אז דאש ערשטע איז ווען דר מענטש וויל רעכט דינן גאט הוא איז דאש שיתנצל לו ממדת האדנות אז ער זאל זיך אפ שיידין פון דער מדה פון הערשאפט כי משער המצטרף ווארום דאש ווערט גירעכנט פון דעם שער המצטרף אונ וואש מיינט מען שער המצטרף אשר תתחייב מציאות כל אחד במציאות האחר דאש זיינן אזעלכע נעמן וואש עש קאן ניט גיפונען ווערין איין נאמן איך זאל ניט בדארפין מצרף זיין דער צו נאך איין נאמן גלייך עש קען קיין נאמען פאטר ניט גירופין ווערין ביז ער האט איין קינד אונ פיל זאכין אזעלכע גלייכניש וואש הייסט אן איינש אן דעם אנדרין אזו דא אויך אזו שהאדם איננו ראוי לשם עבד אמענטש איז ניט ראוי ער זאל גירופין ווערין מיט דעם נאמן קנעכט עד שיהיה לו אדון ביז ער האט איין האר והאדון לא יהיה ראוי לשם הזה אונ דער האר איז ניט ראוי אן גירופין צו ווערין מיט דעם נאמן האר עד שיהיה לו עבד ביז ער האט אקנעכט וכל אחד מהם בענין הקונה והקנוי אונ איטליכר פון זייא סיי דר האר וואש ער קויפט אונ סייא דר קנעכט וואש ער וועט פאר קויפט איננו קודם את חבירו בשם ובערך איז איינר פר דעם אנדערין ניט פריער אין דעם נאמען אונ אין דעם שאצונג כלומר דער האר קריגט ניט פריער זיין נאמן האר איידר דער קנעכט קריגט דעם נאמן קנעכט נאר זיי קריגין זייערע נעמען ביידע גלייך אין איין צייט אונ אין איין רגע ולא תתקיים העבודה מן האדם לאלהים דרום קאן ניט מקוים ווערן פון דעם מענטשן קיין שום דינסט צו גאט אלא עד שיקבל על עצמו כל מדות העבדות ביז ער מוז אויף זיך נעמן אלע מדות פון דינן והן אונ דאש זיינן דיא מדות הכניעה והשפלות לפניו ער זאל זיך אונטר טעניג אונ נידריג האלטן פאר גאט ויתנצל מכל מדות האדנות אונ ער זאל זיך אפ שיידין

מדות האדנות שהן הגדולה והיקר והגובה והתפארת והגאון והדומה לזה ואמר אחד מן החכמים הגדולה מעטה הבורא ומי שרוצה להכנס עליו במעטהו יהדפנו ואמר דוד (תהלים צג) ה' מלך גאות לבש ואין מדה טובה למאמין עד שיפרע החובה כמו שאמר הכתוב (שמואל א טו) הנה שמוע מזבח טוב ולא תתקיים לו הטובה עד שיקבל עליו עבודת הבורא ויודה לו בכל מדות העבודות ולא תתכן ממנו העבודות אלא באומן כניעתו לאלהים ושפלותו ושחותו לפניו כאשר הקדמנו וזה מחייב שתהיינה כל המדות הטובות והחובות סמוכות לכניעה והיא ראש ותחלה להן והדין נותן בעבור זה שלא תתכן

מחייב הא' את חבירו בדבור א' לכך נקרא משה רבינו ע"ה עבד ה' בעבור שהיה עניו מאוד מכל ב"א : הגדולה מעטה הבורא ר"ל לבוש הבורא ומעטהו ל' כוסה אור כשלמה כי כל העולמות והבחינות ממעלה למטה הם הכל לבושים לא"ס ית' והמה תהלתו וגדולתו ע"כ ראוי לכנותו בשם זה ה' מלך גאות לבש והדברים עתיקין ע"כ אין ראוי לאדם ללבוש בלבוש קונו יתברך ויתעלה : ואין מדה טובה למאמין עד שיפרע החובה תחלה חייב האדם לפרוע העיקר והחוב לקיים כל מצות ה' ואח"כ יוכל להוסיף נדבות לבו לעבות משמרת למשמרת כמ"ש לעיל אין התורה מתקבלת עד שתפרע החובה ע"ש הנה שמוע למצות ה' טוב יותר מלהקריב זבחי נדבה : ולא תתקיים לו הטובה מדה טובה בזכר או בנ"ל ולא תתקיים הטובה אלא באומן כניעתו ר"ל כשיאמין ויאמת היטב שהוא נכנע אז יוכל לעבוד את ה' : וזה מחייב ר"ל ומזה מוכח שתהיינה כו' וז"ל שערי קדושה אע"פ שהיראה כתיב בה הן יראת ה' היא חכמה וכתיב יראת ה' היא אוצרו אמרו חז"ל כי היא עקב אל הענוה כמ"ש עקב ענוה יראת ה' עכ"ל כמ"ש ויבקו

פון אלע מדות פון הערשאפט שהן וואש זייא זיינען הגדולה והיקר והגובה והתפארת והגאון דאש גרוישקייט אונ חשיבות אונ הויך האלטין זיך אונ זיך בארימן אונ בעל גאוה האלטין אונ נאך אזו אגלייכנש מוז ער זיך דער פון אלץ אפ שיידין נמצא איז שוין גידרונגן אז דיא כניעה איז פריער אונ דר עיקר פון אלע מעשים טובים ווארום וויא באלד ער איז ניט אונטר טעניג צו גאט איז ער דאך אים קיין קנעכט ניט איז דאך שוין גאט אים קיין האר ניט דינט ער דאך אים גאר ניט אונ אזו ווי דער מחבר ווערט נאך ווייטר מפורש זיין ואמר אחד מן החכמים אונ איינר פון די חכמים האט גיזאגט הגדולה מעטה הבורא דאש גרוישקייט איז דאש קלייד פון דעם באשעפר ומי שרוצה להכנס עליו במעטהו אונ ווער עש וויל אריין גיין צו אים מיט זיין קליידונג יהדפנו־עם ווערט גאט פאר שטויסין אונ דוד המלך האט גיזאגט ה' מלך גאות לבש גאט איז איין קיניג ער איז באקליידעט מיט הערשאפט ואין מדה טובה למאמין אונ עש איז ניט פאר האנדין קיין גוטע מדה צו דעם וואש גלייבט אן גאט עד שיפרע החובה ביז וואנען ער באצאלט דאש שולדיקייט וואש גאט האט אים גיבאטין אזו וויא עש שטייט אין (שמואל) הנה שמוע מזבח טוב ווען מען פאלגט גאט איז בעסר אז איין קרבן ולא תתקיים לו הטובה אונ עש קאן ביי אים קיין באשטאנד ניט האבין אין הארצין אז ער זאל דאש טאן וואש ער איז שולדיג צו טאן צו דעם באשעפער עד שיקבל עליו עבודת הבורא ביז ער מוז אויף זיך מקבל זיין די דינשט פון דעם באשעפר ויודה לו בכל מדות העבודות אונ זאל אים לובין מיט אלע מדות פון דינשט ולא תתכן ממנו העבודות אונ עש קאן פון אים ניט רעכט זיין דאש דינסט כלומר ער קאן גאט רעכט ניט דינען אלא באומן כניעתו לאלהים נייערט מיט איין ווארהאפטיגע אונטר טעניגקייט צו גאט כלומר נאר אז ער ווערט באמת אונטר טעניג זיין צו גאט ושפלותו ושחותו לפניו אונ מיט נידעריגקייט אונ איין גיבויגינקייט פאר אים כאשר הקדמנו אזו וויא מיר האבין אויבין גזאגט וזה מחייב שתהיינה כל המדות הטובות והחובות אונ דרויש ווערט באוויזין אלע גוטע מדות אונ וואש מען איז שולדיג צו טאן סמוכות לכניעות זיינען אלין נאהינט צו דער כניעה כלומר עש הייגנט אלץ אין דער כניעה והיא ראש ותחלה להן אונ די כניעה איז דאש בעסטע אונ זיא מוז צום ערשטין זיין פון אלע גוטע מדות והדין נותן בעבור זה אונ דרום ברייננט דאש דר שכל מיט שלא יתכן מדה טובה אז עש קאן ניט זיין קיין גוטע מדה

תתכן מדה טובה למי שלבו ריק מהכנעה לאלהים ויש בלבבו מאומה מן הגאות והגדולה וכן ראש התשובה השפלות והשחות והכניעה כמו שאמר הכתוב (ד"ה ב ז) ויכנעו עמי אשר נקרא שמי עליהם ויתפללו ויבקשו פני וגו' ואמר (שם יב) נכנעו לא אשחיתם :

ויבקשו פני וישובו מדרכיהם הרעים אני אשמע מן השמים ואסלח לחטאתם וגו' : נכנעו לא אשחיתם · כשהכנעם כתיב בתחלה עליו ביקש מלך מצרים :

פרק ט **אבל** אם יתכן להתקבץ בלב המאמין הכניעה והגאוה אם לא · אומר בתשובת זה כי הגאוה מתחלקת לשני חלקים אחד מהם גאות האדם בגופו ובעניני גופו ותקוניו הגופיים והחלק השני גאותו במעלותיו הרוחניות כחכמה והמעשה הטוב בעבור עבודת הבורא וכל גאוה שתהיה מחמת הגופיים היא מרחקת הכניעה מן הלב ומן הנמנע התקבצם בלב אחד בעבור הרחקת כל אחד מהם את חבירו כי כאשר יתגאה האדם בדבר מדברי העולם אין מביאו לזה אלא בזות את בעל הטובה

**אבל** גאות האדם בגופו · כגון בהיותו בעל קומה ויפה תואר ויפה מראה ובעניני גופו · כגון בעשרותיו הנאות ומלבושיו הנאים : ותקוניו הגופיים כגון הנכסים ומיני השובע אשר לגר האדם לצרכיו

מדה למי שלבו ריק מהכניעה לאלהים צו דם וואש זיין הארץ איז ליידיג פון אונטער טעניקייט צו גאט ויש בלבבו מאומה מן הגאות והגדולה אונ האט אין זיין הארץ עפיש גאוה אונ גרוישקייט דר קאן אין זיך קיין שום גוטע מדה ניט האבן וכן ראש התשובה אונ אזו אויך דאש ערשטע פון תשובה איז השפלות והשחות והכניעה דאש נידעריקייט אונ איין גיבויגנקייט אונ אונטער טעניקייט אזו ווי עש שטייט אין (דברי הימים) ויכנעו עמי אשר נקרא שמי עליהם אונ זיי זיינן אונטער טעניג גיווארין מיין פאלק וואש מיין נאמען ווערט אויף זייא גירופין שטייט ווייטער וועל איך הערין פון דעם הימעל זייער גיבעט אונ וועל פר געבין זייערע זינד אונ נאך שטייט דארטין נכנעו זייא זיינען אונטער טעניג גיווארין לא אשחיתם דרום וועל איך זייא ניט פאר דארבין :
**אבל** אם יתכן להתקבץ בלב המאמין אבר אויב עש קאן אין דעם הארץ וואש גלייבט אין גאט זיך איין זאמען הכניעה והגאוה אם לא אונטער טעניגקייט אונ גאוה באנאנדר אונ אויב ניין אומר בתשובת זה וועל איך דרויף אזוא איין ענטפר זאגין כי הגאוה מתחלקת לשני חלקים אז דיא גאוה ווערט גיטיילט אויף צווייא חלקים אחד מהם גאות האדם בגופו איינש פון די צווייא חלקים איז דאש וואש דער מענטש האלט זיך בעל גאוה מיט זיין גוף דהיינו ווייל ער איז זייער אשיינר מענטש ובעניני גופו אונ מיט דיא זאכין וואש גיהערין צו זיין לייב דהיינו ער האט שיינע האר אונ האט שיינע קליידער אדער ער קאן שיין זינגען ותקוניו הגופיים אונ מיט זיין לייבליכע צו בריטונג דהיינו ער האט פיל דירות אונ עשירות והחלק השני אונ דאש אנדרע חלק איז גאותו במעלותיו הרוחניות ווען איינר האלט זיך בעל גאוה פון וועגן זעלבע מעלות וואש גיהערין צו דר נשמה בחכמה והמעשה הטוב דהיינו מיט זיין חכמה אונ מיט זיינע גוטע מעשים וואש ער טוט בעבור עבודת הבורא פון דעם בשעפרש דינסט וועגן וכל גאוה שתהיה מחמת הגופיים אונ אלע גאוות וואש קומט דורך דיא זאכין פון דעם גוף היא מרחקת הכניעה מן הלב דאש דר ווייטערט דאש אינטר טעניגקייט פון דעם הארץ ומן הנמנע התקבצם בלב אחד אונ עש איז ניט מיגליך איין צו זאמלן אין הארצין דיא כניעה אונ די גאוה אין איינם בעבור הרחקת כל אחד מהם את חבירו ווייל איינש דאש אנדרע פר טרייבט כי כאשר יתגאה האדם ווארום אז א מענטש האלט זיך בעל גאוה בדבר מדברי העולם מיט אזו אזאך וואש איז פון דיא וועלטליכע זאכין אין מביאו לזה דאש ברייגנט אים דר צו אנדרש ניט אלא בזות את בעל הטובה נאר ווייל ער איז מבזה דעם וואש האט גוטש גטאן וטעותה אצלו אונ די טובה איז ביא אים ווייניג אונ קליין

ומיעוט

הטובה ומעוטה אצלו ומעוט ידיעתו במהירות הסרתה ממנו ונסיעתה מאצלו ויחשוב כי הוא המטיב בה לעצמו והקונה אותו בכחו ובחכמתו כמ"ש סנחריב (ישעיה י) בכח ידי עשיתי ואמר נבוכדנצר (דניאל ד) הלא דא היא בבל רבתא ואמר פרעה (יחזקאל כט) לי יאורי וגומר וכבר ידעת מה שהיה תכף למאמרם מהריסת מלכותם והשחתת ממשלתם אך הגאוה שבמעלות הרוחניות מתחלקת לשני חלקים אחד מהם מגונה והשני משובח המגונה שיתגאה האדם בחכמתו והצדיק במעשהו וגורם זה שירבה בעיניו ויספיק אצלו מה שקדם לו מהם ולחשוב שדי לו במה שיצא לו מן השם הטוב והשבח אצל בני אדם ולבזות בני אדם ולגעול אותם ולספר בגנותם ולהיות חכמי דורו וגדוליהם פחותים בעיניו ולהתפאר בקצור חבריו וסכלותם וזה הוא הנקרא אצל רז"ל מתכבד בקלון חבירו ובזה לא יהיה

נצרכיו הגופיים · למ"ה · ואמר נבוכדנצר הלא דא היא בבל רבתא די אנא בנייתה לבית מלכו בתקוף חסני וביקר הדרי ואמר פרעה לי יאורי ואני עשיתני · ואמרו חז"ל המתכבד בקלון חבירו אין לו חלק לעוה"ב: מבפיל עצמו למי במקוה תועלות על ידו ביוכל

ומיעוט ידיעתו במהירות הסרתה ממנו אונ ער פר שטייט דרינן ווייניג אז די טובה וועט פון אים גיך אפּ גיטאן ווערין ונסיעתה מאצלו אונ אז זיא וועט אוועק ציהן פון אים כלומר ער דר קאנט ניט אונוייש ניט דעם אמת אז עש איז מיגליך אז דיא טובה זאל זיך גיך אפּ טאן פון אים ויחשוב כי הוא המטיב בה לעצמו אונ ער טוט מיינן אז ער האט זיך זעלבשט דאש גוטש גטאן והקונה אותו בכחו ובחכמתו אונ ער האט עש גיקריגין דורך זיין כח אונ זיין חכמה דרום וויל ער מיינט אזו בּדארף ער דאך צו קיינעם ניט זיין אונטר טעניג דרום קאנן די ביידע אין איינעם ניט זיין אזו וויא סנחרב האט גיזאגט בכח ידי עשיתי דען מיט די קראפט פון מיין האנט האב איך עש גטאן אונ נבוכדנצר האט גיזאגט הלא דא היא בבל רבתא פר וואר דאש איז דיא גרויסע שטאט בבל וואש איך האב איר גיבוועט מיט מיין קראפט אונ פרעה האט גיזאגט לי יאורי דר טייך נילוס איז מיין וכבר ידעת אונ דוא ווייסט דאך שון לאנג מה שהיה תיכף למאמרם וואש עש איז גיוועזן באלד נאך דעם אז זייא האבין דאש גיזאגט מהריסת מלכותם וויא זייער מלכות איז צו פירט אונ פאר שטערט גיווארין והשחתת ממשלתם אונ זייער גוועלטיקייט איז פר דארבן גווארן אך הגאוה שבמעלות הרוחניות אבר די גאוה וואש איינר האט איבר די מעלות וואש גיהער צו דר נשמה מתחלקות לשני חלקים ווערט גיטיילט אוף צוויי חלקים אחד מהם מגונה איין חלק פון דיא צווייא איז שלעכט והשני משובח אונ דאש אנדערע איז גוט המגונה דאש שלעכטע איז שיתגאה האדם בחכמתו אז דר מענטש זאל זיך בעל גאוה האלטן מיט זיין חכמה והצדיק במעשהו אונ דער צדיק זאל זיך בגאות האלטין מיט זיינע מעשים דאש איז שלעכט וגורם זה אונ דאש איז אים נאך גורם שירבה בעיניו אז ער מיינט ער האט שוין זייער פיל מעשים טובים גיטאן ויספיק אצלו מה שקדם לו מהם אונ עש וועט פאר אים גינוג זיין וואש ער האט שוין גיטאן פון דיא מעשים טובים ולחשוב שדי לו במה שיצא מן השם הטוב והשבח אצל בני אדם אונ ער זאל טראכטין אז ער האט גינוג אויש גיריכט דער מיט וואש ער האט גיקריגין בייא לייטין אגוטין שם אז ער איז אחכם · אונ איין שבח אז ער איז אצדיק אונ דורך דעם וועט ער קומן לבזות בני אדם צו מבזה זיין די לייטין ולגעול אותם אונ צו פאר מיאוסין זיי ולספר בגנותם אונ צוא דער ציילין פון זייער שאנד אונ עש וועט אים נאך גורם זיין ולהיות חכמי דורו וגדוליהם פחותים בעיניו אז דיא חכמים פון זיין דור אונ די גרעשטע חשובים זאלין נידעריג זיין אין זיינע אויגין ולהתפאר בקיצור חביריו וסכלותם אונ זיך צו בארימן מיט

דעם

יהיה נכנע ולא עניו והמשובח כשמתגאה החכם בחכמתו והצדיק במעשהו הודאה לגודל טובת הבורא עליו בהם ושמחה בעבורם ויגרום לו להוסיף ולהשתדל בהם ולהכנע לקרוביו ולשמח בחביריו ולחוס על כבודם ולכסות סכלותם ולדבר בשבחם ולאהוב אותם ולהליץ בעדם ולהזהר בכבודם וימעטו בעיניו כל מעשיו הטובים ותמיד טורח להרבות מהם · נכנע בעבור חלישותו מהשיג מאויו בהם משפיל עצמו למי שמקוה תוספות על ידיו · מודה לאלהים על מה שחננו מן המעלות ומשבח אותו על אשר הפיקו לקנות החמודות וזאת הגאוה אינה מזקת לכניעה ולא מרחקת אותה ובכמוה אמר הכתוב (ד"ה ב' י"ז) ויגבה לבו בדרכי ה'

אך

דעם וואש זיינע חברים קירצין אונ זיינען נארעש אין גאטש דינשט וזה הוא הנקרא אצל רז"ל אונ דער ווערט בייא דיא חכמים ז"ל גירופין מתכבד בקלון חבירו ער מאכט זיך גיהערליכט מיט די שאנד פון זיין חבר ובזה אונ דער וואש טוט אזו לא יהיה נכנע דער קען ניט אונטער טעניג זיין ולא עניו אונ ניט קיין עניו זיין והמשובח אונ דאש גוטע איז כשמתגאה החכם בחכמתו אז דער חכם האלט זיך גרויש מיט זיין חכמה והצדיק במעשיו אונ דער צדיק מיט זיינע מעשים הודאה לגודל טובת הבורא עליו בהם דאש ער לויבט צום באשעפער פאר דעם גרויישין גוטש וואש ער האט אים אין דעם גיטאן כלומר וייל ער ווייש אז ער איז אגרויש' חכם אונ אצדיק לויבט ער דער פאר דעם בשעפר וואש ער האט אים גיגעבין דיא חכמה ושמחה בעבורם אונ דורך דער חכמה מיט זיינע מעשים טובים האט ער שמחה וגורם לו להוסיף ולהשתדל בהם אונ דאש איז אים גורם אז ער זאל נאך מערין אונ פלייסין זיך צו טאן נאך מעשים טובים ולהכניע לקרוביו אונ צו זיין אונטער טעניג צוא זיינע קרובים ולשמוח בחביריו אונ זיך צו פרייען מיט זיינע חברים ולחוס על כבודם אונ חס צו האבין אויף זייער כבוד ולכסות סכלותם אונ צוא בדעקין זייער נארשקייט ולדבר בשבחם אונ צו ריידין פון זייער שבח ולאהוב אותם אונ ליב צו האבן זיי ולהליץ בעדם אונ פאר זייא אמליץ זיין כלומר ווען איינער רעט עפיס אויף זייא אז זייא האבין גיטאן אשלעכטע זאך ווערט ער זיי פר ענטפערין וויא ווייט ער ווערט קאנן ולהזהר בכבודם אונ נזהר זיין אין זייער כבוד וימעטו בעיניו כל מעשיו הטובים אונ אלע זיינע גוטע מעשים וואש ער האט גטאן ווערין בייא אים אלין נאך ווייניג זיין תמיד טורח להרבות מהם אונ ער במיהט זיך אלע צייט ער זאל נאך מער מעשים טובים טאן נכנע ער ווערט אונטער טעניג בעבור חלישותו מהשיג מאויו בהם ווייל ער איז דרינן שלאף כלומר ער האט קיין יכולת ניט צו טאן די מעשים טובים ווערליג ווי ער וואלט גיגעבין משפיל עצמו למי שמקוה תוספות על ידיו ער האלט זיך נידריג קעגן אזעלכן וואש ער האפט אז דורך אים ווערט ער קאנן קומען מער צו גאטש דינשט דהיינו אז יענער לערינט מיט אים אונ ווייזט אים דעם גוטן וועג אדער ער האלט אים אויש מיט פרנסה אונ דורך דעם קאן ער בעשר גאט דינען מודה לאלהים דאנקט ער צו גאט על מה שחננו מן המעלות פר דעם וואש ער האט אים גגעבן די מעלות ומשבח אותו אונ לובט אים על אשר הפיקו לקנות החמודות ווייל ער האט אים גיהאלפין ער זאל קאנן אזלכע גילוסטיגע זאכין אויש ציהן כלומר וואש ער האט גקאנט טאן די גוטע מעשים דהיינו וואש ער האט אים גגעבן הענט ער זאל מיט זיי קאנן טאן מצות אונ אויערן ער זאל הערן תורה אונ אשכל ער זאל משיג זיין די תורה אונ נאך אזו אגלייכן וזאת הגאוה אונ אזו אגאוה אינה מזקת לכניעה די טוט ניט שאדין צו דעם אונטער טעניקייט ולא מרחקת אותה אונ זיא דר ווייטרט ניט די כניעה ובכמוה אמר הכתוב אונ פון אזו

אגלייכין

"אך היא מסייעת אותה ומוספת בה כמ"ש (משלי כב) עקב ענוה יראת ה':

(ר"ל ע"י יראת ה' בא לידי ענוה אמיתית פ"ל)

יוכל להוסיף בעבודת ה' ע"י הלוב הטוה כן שלומד עמו אף שמחזיק בידיו שיוכל לעבוד את ה' בלי דאגה: עקב ענוה בשביל סבוה באה יראת ה':

והגאוה כולו לא ימלא מחסורו אם לו יש לו כל הנאות שבעולם הוא עדיין חסר ומתאוה ליותר ויותר: וי"ג והגאה

פרק י **אבל** תועלת הכניעה בעניני העולם הזה והעולם הבא הם ששה דברים ג' מהם בעניני העוה"ז ושלשה מהם בעניני העולם הבא ואשר בעניני העוה"ז אחד מהם שישמח בחלקו כי מי שנכנסה בו הגאוה והגדולה אין העולם וכל אשר בו מספיק לו לכלכלתו לגובה לבו ובזותו מה שהגיע לחלקו ממנו וכאשר יהיה נכנע אין לנפשו אצלו שום מעלה ומה שמזדמן לו מן העולם הוא מסתפק בו ולספקו וזה יביאהו למנוחת נפשו ומעוט פחדו יאכל מה שיזדמן לו וילבש מה שימצא ויישן באשר ימצא והמעט מן העולם מספיק לו עם כניעתו והכת האחרת הפך זה ואם יגיעו למה שיגיעו אין מספיק להם והגאה כלו לא

אגלייכן האט געזאגט דער פסוק ויגבה לבו בדרכי ה' און ער האט דער הויבן זיין הארץ אין גאטש וועג אך היא מסייעת אותה נאר אדרבה די גאוה העלפט נאך צו דער כניעה ומוספת בה און מערט נאך די כניעה אזו וויא עס שטייט אין (משלי) עקב ענוה יראת ה' דער מריט פון ענוה איז גאטש פארכט כלומר דורך דער ענוה קאן מען קומען מען זאל זיך פארכטין פאר גאט אדער אזו איז דער פשט דורך דעם וואש איינער פארכט זיך פאר גאט מאכט עס אים טרעטין צו דער ווארהאפטיגע ענוה אז ער זאל האבין באמת ענוה:

**אבל** תועלת הכניעה בעניני העוה"ז והעוה"ב אבער וואש דאש אונטער טעניגקייט העלפט אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט הם ששה דברים דאש זיינען זעקש זאכין שלשה מהם בעניני העוה"ז דרייא גייען אן אין די זאכין פון דער וועלט ושלשה מהם בעניני העוה"ב און דרייא אין די זאכין פון עולם הבא ואשר בעניני העוה"ז און די זאכין וואש גייען אן אין דער וועלט אחד מהם איינש פון זייא איז שישמח בחלקו ער זאל זיך משמח זיין מיט זיין חלק וואש גאט האט אים געגעבין כי מי שנכנסה בו הגאוה והגדולה ווארום אין דעם וואש גייט ארין די גאוה און דאש גרוישקייט אין העולם וכל אשר בו מספיק לו לכלכלתו דעם איז די וועלט מיט אלעמען וואש דרינען איז ניט גינוג צוא זיין שפייז לגובה לבו ווייל זיין הארץ איז הויך ובזותו מה שהגיע לחלקו ממנו און ער איז מבזה זיין חלק וואש ער האט גיגרייכט פון דעם גוטש פון דר וועלט ווארום אים דאכט זיך ער גיהער נאך מער צו האבין וכאשר יהיה נכנע אבער ווען ער הארט זיך אונטער טעניג אין לנפשו אצלו שום מעלה דר האט ביי זיך זעלבשט קיין שום מעלה ניט ומה שמזדמן לו מן העולם הוא מסתפק בו און דאש וואש ער גניסט פון דר וועלט לאזט ער זיך דער מיט בנוגין למזונותיו ולספקו אויף זיין שפייז און אויף אנדרע בדערפניש וזה יביאהו למנוחת נפשו און דאש ווערט אים ברייננגן צו איין גרואט לייב ומעוט פחדו און צו ווייניג פארכט כלומר ער ווערט זיך ניט פארכטין טאמער ווערט ער אן ווערין דאש וואש ער האט ווארום וויפיל עש ווערט אים בלייבן איז ארין פר אים גינוג יאכל מה שיזדמן לו ער ווערט עסין וואש גאט ווערט אים בשערן וילבש מה שימצא און ער ווערט זיך קליידן מיט דעם וואש ער ווערט קאנן קריגן ויישן באשר ימצא און ווערט שלאפין וואו עס ווערט זיך טרעפין והמעט מן העולם מספיק לו עם כניעתו און דאש ווייניגשטע וואש ער ווערט האבין אין דעם עולם ווערט פאר אים גינוג זיין ווייל ער ווערט זיך נידעריג האלטין והכת האחרת הפך זה און די אנדערע כיתה וואש האלטין זיך בעלי גאוה

האבין

לא ימלא מחסורו עם גובה לבו וגאותו כמו שאמר החכם (משלי יג) צדיק אוכל לשובע נפשו ובטן רשעים תחסר והשני כי הנכנע סובל בעת ביאת הפגעים עליו והתהפכות הענינים עליו בעבור שפלותו ונמיכות רוחו והגאה פחדו גדול וסבלו מעט בעת ביאת הפגעים עליו מפני גובה נפשו ורום לבבו ומעוט רצונו בעניניו כמו שנאמר במי שהיה על הדרך הזה (ישעיה יד) איך נפלת משמים הלל בן שחר וגומר והשלישי כי הנכנע יהיה מוצא חן יותר בעיני בני אדם ואהוב להם וקרב לדעתם ולהתנהג במנהגם וכבר נאמר על אחד מהמלכים שהיה ממהר בהליכתו כשהיה הולך ושאלו אותו על עילת הדבר אמר לפי שהוא

יותר

והגאה כולו כו׳ : צדיק אוכל לשובע נפשו · ר״ל לקיום נפשו בלבד אפילו אוכל לחם צר ומים לחץ הוא שבע ומברך ע״ז את ה׳ ובטן רשעים תחסר כל מה שממלא בטנו מתענוגים מתאוה לאחרים שטובים מהם ואין לדבר סוף י״מ בס׳ מ״מ פירוש פסוק זה ע״ש באורך עוד פירושים · איך נפלת משמים לגובה נפשו ורום לבבו נדמית לו נפילתו יותר עצומה כאלו נפל משמים לארץ למ״ש · שהיה ממהר בהליכתו שלא כדרך המלכים

האבין גאר איין פאר קערטע מדה דער פון אין זיך ואם יגיעו למה שיגיעו אין מספיק להם אונ ווען זייא וועלין גרייכין צו וואש זייא וועלין גרייכן איז פאר זייא אלץ ניט גנוג והגאה אונ דער בעל גאוה כלו לא ימלא מחסרו ווען ער זאל האבין וואש אין די גאנצע וועלט איז פאר האנדין ווערט אים ניט דער פילט זיין חסרון כלומר תמיד דאכט זיך אים עש גייט אים נאך אפ עם גובה לבו וגאותו ווייל ער איז זייער הויך הערציג אונ א בעל גאוה אזוי וויא דער חכם שלמה המלך האט גיזאגט צדיק אוכל לשובע נפשו דער צדיק עשט צו זעטין זיין לייב ובטן רשעים תחסר אונ דער בויך פון די רשעים טוט אפ גיין כלומר זייא האבין קיין מאל ניט גנוג והשני אונ דאש אנדערע איז כי הנכנע סובל בעת ביאת הפגעים עליו ווארום דער וואש האלט זיך אונטער טעניג דר ליידט אין דר צייט אז עש קומט אויף אים עפיס בייזע בגעגניש והתהפכות הענינים עליו אונ אז זיינע זאכין ווערין אים פאר ענדערט ובעבור שפלותו ונמוכת רוחו פון וועגין זיין נידריקייט אונ זיין גידריג גימיט כלומר ווייל ער האלט גאר פון זיך נישט זאגט ער מן הסתם בדארף זיך אים אזו פירן והגאה אבער דער בעל גאוה פחדו גדול אין זיין פארכט גרויש איידר דיא צרה קומט אויף אים אז ער פר שטייט נאר אז עש איז גימאלט אז די צרה זאל אויף אים קומן האט ער אלץ מורא טאמיר וועט זיא קומן וסבלו מעט בעת ביאת הפגעים עליו אונ אז די בייזע בגעגעניש קומן שוין אויף אים קאן ער זייא ווייניג לייכן מפני גובה נפשו פון וועגן זיין הויך לייב ורום לבבו אונ זיין דר הויבן הארץ כלומר איבר זיין גדלות קאן ער זייא גאר ניט ליידין ומעוט רצונו בעניניו אונ זיין ווילן איז ווייניג מיט דעם פירונג וואש גאט האט אים צו גשיקט כמו שאמר במי שהיה על הדרך הזה גליך וויא עש איז גיזאגט גיווארין אין (ישעיה) פון איינם וואש איז גיוועזן אויף אזוא איין דרך וואש ער האט זיך גיהאלטין בגאוה אונ איז זייער אראפ גיפאלין פון זיין גוטש איך נפלת משמים הלל בן שחר וויא אזו ביסטו אראפ גיפאלין פון דעם הימיל דו ליכטיגר מארגן שטערין ווארום מחמת זיין גרוישקייט אונ זיין גאוה איז ביא איהם גליך גיוועזן וויא ער איז אראפ גיפאלין פון דעם הימעל צוא דער ערד והשלישי אונ דאש דריטע איז כי הנכנע ווארום דער וואש האלט זיך נידעריג יהיה מוצא חן יותר בעיני בני אדם וועט ער מער חן גיפינען אין דיא אויגן פון לייט ואהוב להם אונ ער איז גיליבט צוא זייא וקרוב לדעתם אונ איז נאהינט צוא זייער דיעה ולהתנהג במנהגם אונ זיך נוהג צו זיין אזו וויא זייא זיינען זיך נוהג כלומר אזו וויא זייער דיעה איז אזו איז זיין דיעה אויך וכבר נאמר על אחד מהמלכים אונ עש איז שוין לאנג גזאגט גיווארין אויף איינם פון דיא מלכים שהיה ממהר בהליכתו וואש ער פלעגט תמיד גיך צוא גיין ושאלו אותו על עילת

הדבר

לו "מוצא קרוב מחטאו וירהיב אמתלאתו בו ואם יהיה משער העריו' אשר זכרנו במי שהוליד מאסורה יכרית הבורא את זרעו ואם הוא מצד אונאה וגזל בממונו יתן לו האל ממון ויפרענו לחבירו וירצהו וימחול לו ואם הרע לחבירו בגופו או בממונו יכניס לו הבורא יתברך בלבו רצון ואהבה עד שימחול לו במה שהיה מחטאו עליו כמו שאמר (משלי טז) ברצות ה' דרכי איש גם אויביו ישלים אתו ואם ירחק ממנו העשוק יזמין הבורא התקבצם עד שיכנע לפניו העושק וימחול לו ואם לא ידע האנשים העשוקים ומספר הממון אשר עשק יפיק אותו האל להוציא ממנו בתועלת כוללות כבנין גשר .והפור בארות יהנו מהם בני אדם ועשות בורות בדרכים שאין המים מצויים בהם ומה שדומה לזה מתועלת ההמון עד שתהיה תועלתו כוללת מי שעשק ומי שלא עשק ואם ימות העשוק ישיב הממון

הג"ה (מוצא קרוב מחטאו יהיה מוצא לתקונו כלומר מקור תיקונו והוא נובע ממנו כדבר שהוא קרוב לחטאו אף שלא יהיה מענין חטאו ממש. דרך משל באם גזל את הרבים ואינו יודע אותם אף על פי שלא יכול לעשות התשובה גמורה לחזור להם מעות הגזל כי אינו יודע ממאן גזל אעפ"כ יעשה מהסך הממון הגזל צרכי רבים ויהיה התשובה מעין חטאו כי לפעמים הנגזלים ג"כ יהנו מאותו דבר) :

פַר עֶנְטְפֶערִין ואם יהיה משער העריות אשר זכרנו אונ אַז זַייְנֶע זִינְד וֶועלִין זַיין פוּן זְנוּת וָואשׂ מִיר הָאבְּן פְרִיעֶר דֶר מָאנְט במי שהוליד מאסורה פוּן אַזֶעלְכְן וָואשׂ הָאט אַיין וְלַד פוּן אַזֶעלְכֶע וָואשׂ אִיז אָסוּר צוּ אִים דְהַיינוּ עֶר אִיז גִילֶעגִין מִיט אַיין אֵשֶׁת אִישׁ אוּנ הָאט מוֹלִיד גִיוֶוען אַמַמְזֵר יכרית הבורא את זרעו וֶועט דֶר בַּשֶׁעפֶר פַר שְׁנַיידְן זַייְנֶע פְּסוּלֵי זֶרַע ואם הוא מצד אונאה וגזל בממונו אוּנ אוֹיבּ עֶר הָאט גִיזִינְדִיגְט מִיט גֶעלְט זָאבְן דְהַיינוּ מִיט נַארִירַאיי אָדֶר מִיט גְזֵילוֹת יתן לו האל ממון וֶועט אִים גָאט גֶעבְּן גֶעלְט ויפרענו לחברו: אוּנ עֶר וֶועט בַּצָאלִין צוּ זַיין הַבֶר וירצהו אוּנ וֶועט אִים אִיבֶּר בֶּעטִין עֶר זָאל אִים מוֹחֵל זַיין וָואשׂ עֶר הָאט אִים צַעַר אָן גִיטָאן דוּרְךְ דֶער גְזֵילָה וימחול לו אוּנ עֶר וֶועט עֶשׂ אִים מוֹחֵל זַיין ואם הרע לחבירו בגופו או בממונו אוּנ וֶוען עֶר הָאט זַיין חַבֶר בֵּייז גִיטָאן אִין זַיין גוּף אָדֶער עֶר הָאט אִים שָׁאדְן גִיטָאן גֶעלְט יכניס לו הבורא בלבו וֶועט דֶר בַּשֶׁעפֶר אַרַיין בְּרֵיינְגֶן יֶענֶעם אִין הַארְצְן אוֹיף אִים רצון ואהבה אוּוִילִין אוּנ לִיבְּשַׁאפְט עד שימחול לו במה שהיה מחטאו עליו בִּיז עֶר וֶועט אִים מוֹחֵל זַיין וָואשׂ עֶר הָאט קֶעגְן אִים גִיזִינְדִיגְט אַזוֹ וִוי עֶשׂ שְׁטֵייט אִין (משלי) ברצות ה' דרכי א"ש גם אויביו ישלים אתו וֶוען עֶשׂ אִיז בַּווילִיגְט פַר גָאט דִי וֶועג פוּן אַמֶענְטְשְׁן וֶועלִין זַייְנֶע פַיינְט אוֹיךְ מִיט אִים שָׁלוֹם מַאכְן ואם ירחק ממנו העשוק אוּנ אַז דֶער וָואשׂ אִיז פוּן אִים גִירוֹיבְּט גִיוָוארִין וֶועט זַיין וַוייט פוּן אִים יזמין הבורא התקבצם וֶועט דֶער בַּשֶׁעפֶר צוּ שִׁיקְן אַז זֵיי זָאלִין זִיךְ אַיין זַאמְלֶען בְּנַאנְדֶר דֶר גַזְלָן מִיטְן נִגְזָל עד שיכנע לפניו העושק בִּיז דֶר וָואשׂ הָאט גִיגַזְלְתְּ וֶועט זִיךְ מַכְנִיעַ זַיין פַר דֶעם וָואשׂ אִיז גִיוָוארְן גִיגַזְלְתְּ וימחול לו אוּנ עֶר וֶועט אִים עֶשׂ מוֹחֵל זַיין ואם לא ידע האנשים העשוקים אוּנ וֶוען עֶר קָאן נִיט דִי לַייט וָואשׂ עֶר הָאט גִיגַזְלְתְּ ומספר הממון אשר עשק אוּנ וֵוייסְׁ נִיט וִויפִיל גֶעלְט עֶר הָאט גִיגַזְלְתְּ יפיק אותו האל להוציא ממונו וֶועט אִים גָאט מַאכְן אוֹישׂ צִיהָן כְּלוֹמַר עֶר וֶועט אִים גֶעבְּן אִין זַיין מַחֲשָׁבָה אַז עֶר זָאל אוֹישׂ גֶעבְּן זַיין גֶעלְט בתועלת כוללות אוֹיף זֶעלְכֶע זַאכְן וָואשׂ אַלֶע לַייט זָאלִין דֶער פוּן הֲנָאָה גְרַייכְן כבנין גשר דְהַיינוּ עֶר וֶועט בּוֹיעֶן אַבְּרִיק והפור בארות אָדֶר עֶר וֶועט בְּרוּנֶען גְרַאבְּן יהנו מהם בני אדם דָאשׂ לַייט זָאלִין דֶר פוּן הֲנָאָה הָאבְּן ועשות בורות בדרכים שאין המים מצוים בהם אוּנ צוּ מַאכְן בְּרוּנֶען מִיט וַואשֶׂר אִין דִי וֶועגְן וָואשׂ אִיז נִיט צוּא קְרִיגְן קֵיין וַואשֶׂר ומה שדומה לזה מתועלת ההמון אוּנ נָאךְ אַזוֹ אַגְלַייכְן וָואשׂ פִיל לַייט קָאנֶן דֶער פוּן הֲנָאָה הָאבִּין עד שתהיה תועלתו כוללת בִּיז דִי הֲנָאָה זָאל כּוֹלֵל זַיין מי שעשק ומי שלא עשק סַייא דֶעם וָואשׂ עֶר הָאט גִיגַזְלְתְּ אוּנ סַייא דֶעם וָואשׂ עֶר הָאט נִיט גִיגַזְלְתְּ ואם ימות העשוק אוּנ וֶוען עֶר וַוייסְׁ וֶועמֶן עֶר הָאט גִיגַזְלְתְּ נָאר דֶער נִגְזָל אִיז גִישְׁטָארְבְּן

הממון ליורשיו ואם הזיק לו בגופו או שספר בגנותו *יתודה על קברו בזה במעמד עשרה בני אדם וימחל לו עונו כמו שאמרו חז"ל בענין הזה מוליך עשרה ב"א ומעמידם על קברו ואומר חטאתי לה' אלהי ישראל ולפלוני זה שחבלתי בו ואין התשובה נמנעת על החוטא אלא מצד מצפונו ותרמית לבו אבל אם הוא רוצה להתקרב אל האלהים לא יסגר שער התשובה בפניו ולא ימנעהו מהמניע אליו מונע אך הוא פותח לו שער הישרה ומורה אותו הדרך הטובה בחסדו ובטובו כמ"ש (תהלים כה) טוב וישר ה' על כן יורה חטאים בדרך ואמר (דברים ד) ובקשתם משם את ה' אלהיך ומצאת וגומר וכתוב (שם ל) כי קרוב אליך הדבר מאוד ואמר (תהלים קמה) קרוב ה' לכל קוראיו וגומר וכבר בארתי לך אחי מחובות התשובה וגליתי לך מאופני החזרה מה שיש בו טענה עליך ונפסקו בו אמתלאותיך ומה תאמר מהר לאלהיך סכלתי

*(יתודה על קברו כזה במסכת יומא דף פ"ז):

התשובה עצמה • וכבר בארתי לך אחי כו'• ועיין ברמב"ם הלכות תשובה פרטי עבירות שאין להם חלק לעוה"ב ע"ש באורך וסיים שם בד"א שכל אחד מאלו אין לו חלק לעוה"ב כשמת בלא תשובה אבל אם שב מרשעו ומת והוא בעל תשובה ה"ז מבני העוה"ב שאין לך דבר שעומד בפני התשובה אפי' כפר בעיקר כל ימיו ובאחרונה שב יש לו חלק לעולם הבא שנאמר שלום שלום לרחוק ולקרוב אמר ה' ורפאתיו שכל הרשעים וכיוצא בהם שחזרו בתשובה בין בגלוי בין במטמוניות מקבלין אותן שנאמ' שובו בנים שובבי' אע"פ שעדיין שובב הוא שהרי בסתר שב ולא בגלוי מקבלין אותו בתשובה עכ"ל • וכ"כ תוס' בר"ה דף י"ז ובפ"ד מונה כ"ד דברים המעכבים את התשוב' ובר"ת ובכמה ספרי' הביאו אותם: ונפסקו בו אמתלאותיך • אין לך שום תירוץ למה לא תשוב אל ה': ומה תאמר לאלהיך סכלתי ולא סכלת וכי תוכל לומר לפני אלהיך שהיית סכל ובער ולא ידעת ובאמת אין אתה סכל באמר הנהגותיך

געשטארבען אידער ער האט תשובה געטאן ישיב הממון ליורשיו זאל ער אום קערין דאש געלט צוא זיינע יורשים ואם הזיק לו בגופו אונ ווען ער האט אים שאדין געטאן אין זיין גוף או שספר בגנותו אדער ער האט דער ציילט אין זיין גנאי יתודה על קברו בזה במעמד עשרה בני אדם זאל ער מתודה זיין אויף זיין קבר אונ צעהען מענטשין זאלין דער בייא שטיין וימחול לו עונו וועט אים דער מת מוחל זיין וואש ער האט קעגין אים געזינדיגט אזו וויא אונזערע חכמים ז"ל האבין געזאגט אין דעם ענין מוליך עשרה בני אדם ומעמידים על קברו ער זאל מיט זיך מיט פירן צעהען מענטשין אונ זאל זייא שטעלין לעבין זיין קבר ואומר אונ זאל זאגין חטאתי לה' אלהי ישראל איך האב געזינדיגט קעגין דעם גאט פון דיא ישראל ולפלוני זה שחבלתי בו אונ קעגין דעם דאזיגין מענטשין האב איך אויך געזינדיגט וואש איך האב אים געבייגט ואין התשובה נמנעת על החוטא אונ דיא תשובה קאן פון דעם זינדיגער אנדערש נים פאר מיטין זיין אלא מצד מצפונו ותרמית לבו נאר דורך זיינע בייזע געדאנקען אונ דורך זיין שאלקהאפטיג הארץ אבל אם הוא רוצה להתקרב אל האלהים אבער אז ער וויל זיך נאר מקרב זיין צוא גאט אונ וויל נאר באמת תשובה טאן לא יסגר שער התשובה בפניו ווערט נים פאר שלאסין דר טויער פון תשובה פאר אים ולא ימנעהו מהמניע אליו מונע אונ קיין שום מניעה איז נים פאר האנדין עש זאל אים דר פון פר מיידין אך הוא פותח לו נייערט גאט עפינט אים שער הישרה דעם רעכט פארטיגין טויער ומורה אותו הדרך הטוב אונ ווייזט אים דעם גוטין וועג בחסדו ובטובו דורך זיין חסד אונ דורך זיין גוטקייט אזוא וויא עש שטייט אין (תהלים) טוב וישר ה' גאט איז גוט אונ רעכט פארטיג על כן יורה חטאים בדרך דרום ווייזט ער די זינדיגע דעם רעכטין וועג אונ אין (דברים) שטייט ובקשתם משם את ה' אלהיך ומצאת אונ איר וועט פון דארטין זובין גאט דיין גאט אונ דו וועסט אים געפינען אונ נאך שטייט דארטין כי קרוב אליך הדבר מאד דען דיא זאך איז צוא דיר זייער נאהענט אונ אין (תהלים) שטייט קרוב ה' לכל קוראיו גאט איז נאהענט צו אלע וואש רופין אים • זאגט דר מחבר וכבר בארתי לך אחי מחובות התשובה אונ איך האב דיר שוין בשיידט מיין ברודער פון דיא שולדיקייט וויא א מענטש איז שולדיג תשובה צוא

טאן

סבלתי ולא סבלת או תאמר עשיתי מה שעשיתי ואיני יודע ומה תהיה תשובת השאלה הזאת ומבלי ספק נהיה נשאלים הכן התשובה בעוד שמאריכין לך ודע אחי כי התשובה. על זה איננה יוצאת כי אם ממעשינו לא מדברינו והשוב עם נפשך תגיע לרצון בוראך כי לא ישיג הטוב היום אלא הממהר אליו ופרי הקצור החרטה הקיצה אחי משינת פתיותך והמול על נפשך שהיא הנכבדת שבפקדונות הבורא אצלך וכמה ועד מתי העכוב

הנהגותיך : ומבלי ספק נהיה נשאלים · ובודאי כל אדם צריך לתת דין והשבון על כל פרטי מעשיו וכמו שאמרו כל האומר הקב"ה וותרן הוא יוותרו חייו ולכן הכן התשובה כו' · ודע אחי כי התשובה ע"ז על כל חטאותינו איננו יוצאת כ"א ממעשינו לא מדברינו · ר"ל לא הדיבור עיקר ואינו מועיל לבד מה שאדם מתודה ואומר חטאנו אבינו וסלח לנו וכיוצא ווידויים אם לא שב בפועל מעבירות שבידו כמ"ש ומודה ועוזב ירוחם : כי לא ישיג הטוב היום · כלומר ישוב היום שמא ימות למחר : ופרי הקצור החרטה אם מתחרט ועושה תשובה שלימה כל מה שעשה לא יזכרו לו וכן הן פירותיו מכל עמלו שעמל לריק ולבהלה ולא עוד אם יעשה תשובה מאהבת ה' כראוי נעשו מכל עבירות זכיות כמ"ש חז"ל וכן פירותיו התשובות כנ"ל והר"נ פי' ופרי הקצור סופו של

טָאן וגליתי לך מאופני החזרה אונ הָאבּ דִיר אַנְטְפְּלֶעקְט דִיא אוֹפַנִים וְויא דוּ זָאלְשְׁט חוֹזֵר זַיין אונ תְּשׁוּבָה טָאן פוּן זֶעלְבְּע זַאכִין מה שיש בו טענה עליך וָואשׁ גָאט הָאט אויף דִיר אַיין טַעֲנָה כְּלוֹמַר וָואשׁ עֶר וֶועט דִיךְ פְרֶעגִין לְמַאי הָאשְׁטוּ דִיא עֲבֵירָה גִיטָאן. ונפסקו בו אסתלאותיך אונ עֶשׁ וֶועט נִפְסַק וֶוערִין דְרִינָן דַיין פַאר עֶנְטְפֶערוּנְג כְּלוֹמַר אונ דוּא וֶועשְׁט עֶשׁ נִיט קָאנֶן פַאר עֶנְטְפֶערִין וזה תאמר מחר לאלהיך אונ וָואשׁ וֶועשְׁטוּ זָאגִין מָארְגִין כְּלוֹמַר נָאךְ דֶעם טוֹיט צוּא דַיין גָאט סבלתי אִיךְ בִּין אַיין נַאר דְרִינָן גִיוֶועז אונ הָאבּ נִישְׁט פַר שְׁטַאנֶען אוֹיבּ מֶען בַּדַארְף תְּשׁוּבָה טָאן אונ דֶער אֶמֶת אִיז דָאךְ ולא סבלת דוּ בִּישְׁט דָאךְ נִיט קַיין נַאר דְרִינֶען דוּא פַאר שְׁטֵייסְט דָאךְ יוֹא וִויא צוּא פִירִין זִיךְ אִין דַיינֶע אִיבֶּערִיגֶע הַנְהָגוֹת פוּן הָעוֹלָם הַזֶה הָאשְׁטוּ דָאךְ שֵׂכֶל גִיהֶערְשְׁטוּ דָאךְ צוּ פַר שְׁטֵיין אַז אַמֶענְטְשׁ בַּדַארְף תְּשׁוּבָה טָאן או תאמר אָדֶער וֶועשְׁטוּ דֶען קָאנֶן זָאגִין עשיתי מה שעשיתי ואיני יודע אִיךְ הָאבּ גִיטָאן וָואשׁ אִיךְ הָאבּ גִיטָאן אונ אִיךְ וֵוייש נִישְׁט דֶער פוּן אָדֶר אִיךְ הָאבּ נִיט גִיוואוּשְׁט אוֹיבּ מֶען טָאר עֶשׁ נִיט טָאן גָאט וֵוייש דָאךְ אַלְץ וָואשׁ דוּ הָאשְׁט גִיטָאן אונ אוֹיבּ דוּ הָאשְׁט גִיוואוּשְׁט אוֹיבּ נֵיין מה תהיה תשובת השאלה הזאת אונ וָואשׁ וֶועט זַיין דַיין תְּשׁוּבָה אויף דֶער שַׁאֲלָה וָואשׁ גָאט וֶועט דִיךְ פְרֶעגִין אויף דַיינֶע עֲבֵירוֹת ומבלי ספק נהיה נשאלים אונ מִיר וֶועלִין בְּוַודַאי אויף אַלֶעמָן גִיפְרֶעגְט וֶוערִין דְרוּם הכן התשובה בעוד שמאריכין לך גְרֵייט דִיר אָן דִי תְּשׁוּבָה וַוייל מֶען גִיט דִיר נָאךְ צַייט כְּלוֹמַר וַוייל דוּ לֶעבְּשְׁט נָאךְ טוּא תְּשׁוּבָה ודע אחי אונ זָאלְשְׁט וִוישִׁין מַיין בְּרוּדֶר כי התשובה על זה אַז דִי תְּשׁוּבָה אויף דִי זִינְד איננה יוצאת כי אם ממעשינו גֵייט נִיט אַרוֹישׁ נָאר פוּן אוּנְזֶערֶע וֶוערְק לא מדברינו נִיט פוּן אוּנְזֶערֶע רֵייד הָאטְשִׁי מִיר זַיינֶען וִויפִיל מָאל מִתְוַודֶה הֵיישְׁט דָאשׁ נִיט קַיין רֶעכְטֶע תְּשׁוּבָה סַיידְן מֶען מוּז דָאשׁ טָאן מִיט דִי אֵבְרִים אונ מִיטִין הַאַרְץ לְמָשָׁל וֶוען אֵיינֶר הָאט גִיגַזְלְתְּ זַיין חָבֵר הָאטְשִׁי עֶר זָאגְט וִויפִיל מָאל אִיךְ הָאבּ שׁוֹין חֲרָטָה הֶעלְפְּט עֶשׁ נִיט סַיידְן עֶר מוּז אִים אוּמְקֶערִין דִי גְזֵילָה אונ מוּז תְּשׁוּבָה טָאן מִיטִין הַאַרְץ צוּ גָאט וַוייל עֶר הָאט עוֹבֵר גִיוֶוען אויף דֶעם לָאו לֹא תִגְזוֹל אונ אַזוֹ אַגְלַייכִין אִיז בַּייא אַלֶע עֲבֵירוֹת והשוב עם נפשך תגיע לרצון בוראך אונ בַּדֵיינְק עֶשׁ מִיט דַיין לֵייבּ וְויא אַרוּם דוּ זָאלְשְׁט קָאנֶן קוּמֶן צוּ דֶעם וִוילִין פוּן דֶעם בַּשֶׁעפֶער כי לא ישיג הטוב היום דֶען עֶשׁ קָאן קֵיינֶר הַיינְט נִיט קְרִיגִין קַיין גוּטְשׁ אלא הממהר אליו נָאר דֶר וָואשׁ אַיילְט דֶר צוּ ופרי הקצור אונ דִיא פְרוּכְט כְּלוֹמַר דֶער סוֹף קוּמְט אַרוֹישׁ פוּן דֶעם וָואשׁ אֵיינֶר קִירְצְט אִין גַאנְץ דִינְגְשְׁט החרטה דִי חֲרָטָה וָוארוּם צוּם סוֹף הָאט עֶר בְּוַודַאי דְרוֹיף חֲרָטָה אָדֶער אויף דֶר וֶועלְט אָדֶער אויף יֶיענֶר וֶועלְט הקיצה אחי וַואךְ אויף מַיין בְּרוּדֶר משינת פתיותך אוֹישׁ דֶעם שְׁלָאף פוּן דַיין נַארִישְׁקַייט וחמול על נפשך אונ דֶר בַּארִים זִיךְ אִיבֶּר דַיין נְשָׁמָה שהיא הנכבדת שבפקדונות הבורא אצלך

העכוב הזה וכבר כלית ימיך ברצון תאותך כאשר יעשה העבד הרע הלא תשוב לכלות. שאר ימיך ברצון בוראך; וכבר ידעת כי ימי האדם קצרים. והשאר בלי ספק יותר קצר כמו שאמרו רז"ל היום קצר והמלאכה מרובה היתה לך אחי רוח יקרה ונכבדת כבדת בה העוה"ז הנבזה והכלה והנחת אחריתך הנשארת לך הלא תנשא רוחך אל המקום הנכבד והמעון הרם מקום אשר לא תשפלנה הרוחות העולות אליו לעד ותמהר בעוד שער התשובה פתוח והקבלה והכפרה מצויה כמ"ש (ישעיה נה) דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב מהר אחי ומהר קודם בא פחדך כי אינך בטוח (בחיי) יום אחד ועיין לנפשך עיון שיאות לכמוך ויהיה שקול עם שכלך ומי שרוצה להגיע לרצון בוראו יכנס מן הפתח הצר שנכנסו ממנו החסידים הסובלים וכולנו נקוה

של מקצר בעבור ה' ההרסה בודאי יתחרט הן בעוה"ז הן בעוה"ב בשעת קיבול שכר: כי ימי האדם קצרים והשאר כו'. כל ימי האדם קצרים ימי שנותינו בהם שבעים שנה ומכ"ש מי שכבר בא בימים א"כ הנשאר בודאי מעט מזעיר ומי יודע שיכלה שנותיו שמא ימות קודם שבעים שנה כמו שאנו רואין בכל זמן ועת כמו שמשיים: ותמהר בעוד שער התשובה פתוח. ר"ל בעוד בחיים חיותך ובפרט בעשרת ימי תשובה ששער התשובה פתוח אפילו ליחיד כמ"ש חז"ל על פסוק דרשו ה' בהמצאו וגו': עיון שיאות לכמוך כו'. ר"ל שתעיין לעשות הכל לפי כחך ולפי שכלך בלא להעמיס עול כבד על נפשך ותאבד הכל כמ"ש

אצלך דען זיא איז דאש בעשטע פון דיא באהעלטעניש וואש דיין באשעפר האט דיר גיגעבין ובמה ועד מתי העכוב הזה אונ וויפיל אונ וויא לאנג נאך וועט גיווערין דאש זאמונג וואש דוא זאמשט תשובה צוא טאן וכבר כלית ימיך ברצון תאותך אונ דוא האשט שוין פאר לענט דיינע טעג מיט דעם ווילן פון דיינע תאוות כאשר יעשה העבד הרע אזו ווי איין שלעכטר קנעכט טוט הלא פאר וואר תשוב לכלות שאר ימיך ברצון בוראך גיהערשטו האטשי דיינע איבריגע טעג צוא פאר לענדין מיט דעם ווילן פון דיין בשעפער כלומר ביז אהער בישטו גיגאנגען נאך דיינע תאוות גיהערשטו האטשי אין דיינע איבריגע טעג טאן דעם ווילן פון גאט וכבר ידעת כי ימי האדם קצרים אונ דו ווייסט דאך שוין לאנג וואול אז אין גאנצין די טעג פון אמענטשין זיינן קורץ והשאר אונ די איבריגע טעג וואש דו האשט נאך צו לעבין בלי ספק יותר קצר זיינן דאך אן ספק נאך קירצר אזו וויא אונזרי חכמים ז"ל האבין גיזאגט היום קצר והמלאכה מרובה דער טאג איז קורץ אונ דיא מלאכה איז פיל היתה לך אחי רוח יקרה מיין ברודער דוא האשט דאך איין טייערי נשמה ונכבדת איין חשובי כבדת בה העוה"ז האשטו מיט איר ערליך גיהאלטין דיא וועלט הנבזה וואש זיא איז מבוזה והכלה אונ וואש זיא ווערט פאר לענט והנחת אחריתך הנשארת לך אונ האשט אוועק גלאזין צו טראכטין אויף דיין סוף וואש בלייבט דיר אויף אייביג הלא תנשא רוחך אל המקום הנכבד דוא גיהערשט ליבר דיין זייל צוא דעם הייבין צוא דעם גיערליכטן אונ חשובין ארט והמעון הרם אונ צו דעם דר הויכן וואונונג מקום אשר לא תשפלנה הרוחות העולות עליו לעד דאש איז אזו איין ארט וואש דיא נשמות וואש קומען אהין דיא ווערין קיין מאל ניט פאר נידערט ותמהר בעוד שער התשובה פתוח אונ איל דיך תשובה צו טאן ווייל דער טויער פון תשובה איז נאך אפין כלומר ווייל דוא לעבשט נאך והקבלה והכפרה מצויה אונ עש איז נאך פאר האנדין מען זאל דיא תשובה מקבל זיין אונ מען זאל דיר פר געבין דיינע עבירות אזו וויא עש שטייט אין (ישעיה) דרשו ה' בהמצאו פארשט גאט ווייל איר קאנט אים נאך גפינן קראוהו בהיותו קרוב רופט אים ווייל ער איז נאהנט מהר אחי ומהר קודם בא פחדך היל דיך מיין ברודר אונ זיי גשווינד איידר דיין אנגשט קומט כי אינך בטוח בחיי יום אחד ווארום דו בישט ניט בטוח אפילו פון דעם לעבין פון איין טאג ועיין לנפשך עיון שיאות לכמוך אונ בטראכט פאר דיין נשמה אזו אבטראכטונג וואש עש איז ראוי צוא דיר ווערלינ דיין כח ויהיה שקול עם שכלך אונ דאש בטראכטונג זאל זיין גיוואוגין מיט דיין שכל

אונ

כמ"ש בסוף שער הסכם ס' וכסנהג לאט ונמתון בקנות כדמות כטובות והזכר על סרכוי וכספלגם מגלי הדרגה כי רוב סממן. בנר סוף סנה לכבוס אורו ע"ש וכ"כ בר"ח ע"ש

נקוה הטוב ולא יגיעוהו אלא הממהרים אליו הרצים עדיו כמו שאמרו חכמינו ז"ל הוי עז כנמר וקל כנשר ורץ כצבי וגבור כארי לעשות רצון אביך שבשמים ואמר דוד (תהלים קיט) חשתי ולא התמהמהתי השוב עם נפשך ובוש מבוראך שתנהג עמו במדה שאינך רוצה לנפשך להתנהג בה עם נברא כמוך כי אתה יודע כי כשתקציף בעל מעלה קטנה מאנשי השר על נפשך אינך מתעכב מהכנע לו והתחנן אליו למחול לך ולהבטיחך מענשו עם חולשתו בזה כל שכן אם יקצוף עליך השר שתמהר לבקש מחילתו ותחיש בתשובה אליו ולרצותו מיראתך מהירות עונשו וכבר ידעת חולשתו מעשות דבר בלתי גזרת הבורא כמ"ש החכם (משלי כה) פלגי מים לב מלך ביד י"י אל כל אשר יחפוץ יטנו ועם ידיעתך כל זה

אונ זאלשט דיר ניט פיר נעמן צו טאן זעלבע תשובה וואש איז איבר דיין שכל ומי שרוצה להגיע אל רצון בוראו אונ דר וואש וויל גרייכין צו דעם ווילין פון זיין בשעפער יכנס מן הפתח הצר דער זאל אריין גיין דורך איין איינגע טיר שנכנסו ממנו החסידים הסובלים וואו דיא חסידים גיין דורך וואש זייא ליידין אונ שטייען אויש פיל צרות פון גאטש וועגין וכולנו נקוה הטוב אונ מיר האפין אלע דאש גוט ולא יגיעוהו אלא הממהרים אליו אבר עש קאן דאש קיינר ניט קריגין נאר דיא וואש איילין זיך צו אים מיט זייער הארץ הרצים עדיו אונ די וואש לויפין צו אים אזו ווי אונזערע חכמים ז"ל האבין גזאגט הוי עז כנמר דו זאלשט זיין אזו שטארק וויא אלעמפערט וקל כנשר אונ גרינג וויא איין אדלר ורץ כצבי אונ לויף אזו גיך ווי איין הירש וגבור כארי אונ זאיי שטארק ווי אלייב לעשות רצון אביך שבשמים צו טאן דעם ווילין פון דיין פאטער וואש איז אין הימל אונ דוד המלך האט גיזאגט אין (תהלים) חשתי ולא התמהמהתי איך האב מיך גיאיילט אונ ניט גיזאמט צו טאן גאטש ווילן חשוב עם נפשך בדיינק זיך מיט דיין זייל ובוש מבוראך אונ שעם זיך פר דיין בשעפר שתתנהג עמו דוא זאלשט זיך מיט אים נוהג זיין כלומר צו טאן קעגין אים זעלכע זאכן שאינך רוצה לנפשך להתנהג בה וואש דו וואלשט ניט גיוואלט נוהג זיין זעלכע זאכין עם נברא כמוך מיט איינם וואש איז אזו בשאפין גוואורין אזו ווידו כי אתה יודע דען דוא ווייסט דאך וואול כי כשתקציף בעל מעלה קטנה מאנשי השר על נפשך אז ווען דוא זאלשט דר צארענן איינם פון די לייט וואש ער איז גאר אין אקליינר מעלה אינך מתעכב מהכנע לו וועשטו דאך זיך ניט זאמין מכניע צו זיין זיך קעגן אים והתחנן אליו אונ צו בעטין אים למחול לך ער זאל דיר דאש מוחל זיין וואש דוא האשט אים דער צארינט ולהבטיחך מענשו אונ זאל דיר מבטיח זיין אז ער וועט דיך שוין ניט שטראפין דר פאר עם חולשתו בזה האטשי ער איז דאך דרינן שלאף כלומר האטשי ער האט דאך קיין גרויש מאכט ניט ווארום ער איז דאך נאר אקליינר חשוב בייא דעם שר כ"ש אם יקצוף עליך השר מכ"ש אז איין הער וועט אויף דיר ברוגז זיין שתמהר לבקש מחילתו אז דו וועשט איילין צו בעטין אים ער זאל דיר דאש מוחל זיין ותחיש בתשובה אליו אונ וועשט דאך איילין צוא ווידר קערין צו אים ולרצותו אונ איבר צוא בעטין אים מיראתך מהירות עונשו ווייל דוא האשט מורא ער וועט דיך באלד שטראפין וכבר ידעת מעשות דבר בלתי גזירות הבורא אונ דוא ווייסט דאך שוין לאנג אז דר שר קאן ניט טאן קיין שום זאך אז דער בשעפער האט דאש ניט גוזר גיוועזן אזו וויא דער חכם שלמה המלך האט גזאגט פלגי מים לב מלך אזו טיף וויא די וואשר בעך איז דש הארץ פון איין מלך ביד ה' אונ ער איז אין גאטש מאכט אל כל אשר יחפוץ יטנו צוא וואש ער וויל טוט ער אים נייגין

זה אינך מתאחר לבקש ממנו למחול עונך ולמהר אל מה שירצהו ויקבלהו ממך ואיך לא נבוש אחי מבוראנו המשקיף על הנסתר ועל הנגלה ממעשינו ומחשבותינו אשר לא תעבור עליו שכחה ולא העלמה ולא יטרידהו דבר מדבר ואין מנוס מדינו ואין קץ למלכותו שנטה מעליו ונתאחר מהכנע לו ומשוב אליו ואין אנו יודעים עת קצנו ותכלית מדת ימינו ואלו היה אדם מזהיר אנשי קריה או אנשי מדינה ויאמר בני אדם היו נכונים לנסוע לעה"ב כי איש אחד יפקד מכם בהודש הזה ואינני מודיע אותו (ס"א ואינני יודע אותו) האין מן הדין על כל אחד מהם שיהיה נכון למות מיראה שמא יהיה הוא האיש ההוא ואיך לא נהיה כולנו נכונים לו ואנחנו רואים כי המות בכל חדש מכלה מספר רב מן החיים הלא מן הדין עלינו שנירא על נפשותינו בכל חדש ונחשוב על ענינינו

ע"ס: בנטס מעליו · מוסב על איך לא נבוש אחי מבוראנו כו' בנטס מעליו ואיך נכיה נטים מעליו סנון בהיריק: ויאמר ב"א היו נכונים · כמו היו נכונים ליוס השלישי: יפקד מכס · יחסר מכס · ר"ל ימות

נייגין ועס ידיעתך כל זה און האמשע דוא ווייסט דאס אלץ פון דעסט וועגין אינך מתאחר לבקש ממנו ווערשטו זיך פארט ניט זאמין פון צו בעטין אים למחול עונך ער זאל דיר מוהל זיין דיין זינד ולמהר אל מה שירצהו אונ ווערשט דיך איילן אזו אזאך צו טאן וואס דוא ווערשט דיך צו אים דער מיט בוויליגן ויקבלהו ממך אונ ער וועט עס פון דיר אן נעמן ואיך לא נבוש אחי אונ וויא זאלן מיר זיך ניט שעמן ברידער מבוראנו פאר אונזר בשעפר המשקיף על הנסתר ועל הנגלה וואס ער גיט אכטונג אויף אונזערע פאר בארגינע אונ אנטפלעקטע זאכין ממעשינו ומחשבותינו פון אונזרע ווערקין אונ פון אונזרע מחשבות אשר לא תעבור עליו שכחה ולא העלמה וואס גייט ביי אים ניט איבר קיין פאר געסינג אונ קיין פאר הולונג ולא יטרידהו דבר מדבר אונ קיין זאך מאכט אים ניט טרוד אז ער זאל דורך דעם ניט קאנן זעהן אדר טאן דיא אנדרע זאך ואין מנוס מדינו אונ מען קאן ניט אנטלויפין פאר זיין דין ואין קץ למלכותו אונ עס איז ניט פאר האנדין קיין סוף צו זיין מלוכה וויא אזו זאלין מיר זיך ניט שעמן שנטה מעליו מיר זאלין פון אים אוועק נייגין ונתאחר מהכנע לו אונ מיר זאלין זיך זאמען מכניע צו זיין זיך פאר אים ומשוב אליו אונ אום צו קערין זיך צו אים גיהער מען דאך זיך בוודאי צו שעמן ואין אנו יודעים עת קצנו אונ מיר ווייסין דאך ניט די צייט פון אונזר סוף ותכלית מדת ימינו אונ דעם עק פון דיא מאס פון אונזרע טעג וויא פיל יאר עס איז נגזר גיווארין מיר זאלין לעבין ואילו היה אדם מזהיר אנשי קריה אונ ווען אמענטש זאל מזהיר זיין דיא לייט וואס זיינן אין איין שטאט או אנשי מדינה אדר דיא לייט פון אמדינה ויאמר אונ זאל זייא זאגין בני אדם היו נכונים לנסוע לעוה"ב איר לייט מאכט אייך גרייט צו ציהען אויף עוה"ב כי איש אחד יפקד מכם בחודש הזה ווארום אין דעם חודש וועט איינר פון אייך שטארבין ואינני מודיע אותו אונ איך וועל ניט זאגין וועלכער מענטש פון אייך וועט שטארבין האין מן הדין על כל אחד מהם שיהיה נכון למות איז דען ניט רעכט אז איטליכר פון זייא זאל זיך גרייט מאכין צו שטארבין מיראה שמא יהיה הוא האיש ההוא ווארום איטליכר בדארף זיך צו פארכטין טאמער וועט ער זיין דער מענטש · זאגט דער מחבר הרום ואיך לא נהיה כלנו נכונים לו וויא זאלין מיר אלע ניט גרייט מאכין זיך צום טויט כלומר וויא גיהערין מיר ניט תשובה טאן אונ מורא צוא האבין איטליכר באזונדר טאמער וועט ער שטארבין ואנחנו רואים אונ מיר זעהן דאך כי המות בכל חדש מכלה מספר רב מן החיים אז דער טויט נעמט צו אלע חודש פיל לעבעדיגע מענטשין הלא מן הדין עלינו אזו איז דאך דער דין אויף אונז שנירא על נפשותינו בכל חודש אז מיר זאלין אלע חודש מורא האבין טאמער וועלין מיר שטארבין דעם חודש

ענינינו וצידתנו ובית מועדנו קודם עת הצורך אליהם אפילו יום אחד כמו שאמרו ז"ל שוב יום אחד לפני מיתתך ונאמר (קהלת ט) בכל עת יהיו בגדיך לבנים בחון ביתרון שכלך והכרתך בירור זה במה שאתה רואה בעיניך בבירור מה שיגיד לך זולתך ואל תדחה שכלך ובינתך כי כבר נאמר כי לבורא יתברך על עבדיו טובות אם יקבלו אותם ינוחו בם (ס"א ירווחו בם) ואם ישיבום עליו יהיו לטענות עליהם ואח"כ ישובו לנקמה והבורא יתברך הטיב לך בחכמה בתבונה ובדעת שם לך בהם יתרון על זולתך הזהר והזהר שלא ישובו לטענה עליך וכבר העיר אותך אל הדרך הישרה והורה אותך נתיב טובתך

ימום: כמ"ש חז"ל שוב יום אחד כו'. ולכן ישוב היום שמא ימות למחר: בחון ביתרון שכלך כו'. בבירור עם בירור למ"ה א"כ בחון בשכלך ותראהו בעצמך שכל בבירור יותר ממה שמברר לך זולתך כי אינו דומה ראיה לשמיעה: ינוחו בם. בטובה ונחת רוח: ואם ישיבום עליו כו'. ר"ל שאינו רוצה בטובת הבורא כמו השכל והבינה או שאר טובות. שנתן לנו לטובתינו לעבוד אותו בו והוא אינו רוצ' בכך וממרה בו הרי הוא בועט בטובת הבורא ועתיד ליתן דין על הטובות ויהיו לנקמה שימלא בכל דין תקום לגבות ממנו פורעניות כי יוסיף דעת כו': הזהר והזהר. הכפל לחזק הענין: וכבר העיר אותך כו'. כלא כל

ונחשוב על ענינינו אונ מיר זאלין טראכטין אויף אונזרע ענינים כלומר אויף אונזרע מעשים וואש מיר האבין גיטאן וצידתנו אונ אויף אונזר צערונג אויף דעם וועג איידר מיר וועלין קומן צו אונזר ארט ובית מועדנו אונ אויף אונזר הויז וואש איז פאר אונז בשטעלט הייסט אויף עולם הבא קודם עת הצורך אליהם אפילו יום אחד גיהערין מיר אויף דעם אלימען צו טראכטין איין טאג איי דיא צייט קומט וואש מען בדארף עש נייטיג אזו וויא אונזרע חכמים ז"ל האבין גיזאגט שוב יום אחד לפני מיתתך טוא תשובה איין טאג פאר דעם טויט כלומר טוא אלע טאג תשובה טאמר וועסטו מארגין שטארבן אונ אין (קהלת) שטייט בכל עת יהיו בגדיך לבנים אלע צייט זאלין דיינע קליידר ווייש זיין בחון ביתרון שכלך והכרתך פרוב מיט דיין גרוישן שכל אונ מיט דיין פאר שטאנד בירור זה שאתה רואה בעיניך דאש קלארקייט וואש דוא זעהשט מיט דיינע אויגין וועסטו דאש קלערער זעהן בבירור מה שיגיד לך זולתך פון דעם וואש דיין חבר איז דיר מברר כלומר דאש גייט אויף דעם אויבערשטין משל ווען אז איינר זאל זאגין אז אין דעם חודש וועט איינר פון אייך שטארבין גיהער איטליכר מורא צו האבין טאמר מיינט ער אים אונ עש גיהערין אלע תשובה טאן אונ מכל שכן וואש דוא זעהשט מיט דיינע אויגין אז אלע חודש שטארבין וויפיל מענטשין גיהערשטו דאך בוודאי מורא האבין טאמר וועסטו היינטיגין חודש שטארבן ווארום דאש וואש דוא זעהשט מיט דיינע אויגין איז דאך בוודאי קלערער איידר דאש וואש דיין חבר איז דיר מברר גיהערשטו בוודאי תשובה טאן ואל תדחה שכלך ובינתך אונ פאר שטויס ניט דיין שכל אונ דיין פאר שטאנד כי כבר נאמר דען עש איז שוין לאנג גיזאגט גיווארן כי לבורא יתברך על עבדיו טובות אז דער בשעפר יתברך טוט זיינע קנעכט טובות אם יקבלו אותם אז זייא וועלן דיא טובות מקבל זיין ינוחו בם קאנן זייא מיט דיא טובות גירוהט זיין ואם ישיבום עליו אונ אז זייא וועלין אים דיא טובות ווידער קערין כלומר אז זייא וועלין זייא ניט אן נעמן יהיו לטענות עליהם וועלין זייא זיין פאר טענות אויף זייא כלומר גאט וועט טענן אויף זייא ווארום האט איר דיא טובות פאר שעמט ואחר כך ישובו לנקמה אונ דער נאך וועלין דיא טובות ווערין איין נקמה דאש הייסט זייא וועלין גישטראפט ווערין דורך זייא. היינט איז דער מחבר מפורש וואש זיינען דיא טובות והבורא יתברך הטיב לך אונ דער באשעפר יתברך האט דיר באניטיגט בחכמה מיט קלוגשאפט ובתבונה אונ מיט פאר שטאנד ובדעת אונ מיט וויסין שאפט שם לך בהם יתרון על זולתך אונ ער האט דיר דער מיט אנגרעשרע מעלה גטאן אז איין אנדערין הזהר והזהר דרום היט זיך זייער שלא ישובו לטענה עליך זייא זאלין ניט ווידר קערין צו זיין א טענה אויף דיר וכבר העיר אותך אל הדרך

הישרה

טובתך ולחמלה עליך ולנהלך לאט ולא רצה לך שתתמיד על פתיותך ותחזיק במרייך ללכת עמך על דרך החסד אשר יאות לו ובחמלתו ורחמיו על ברואיו כמ"ש (תהלים כה) טוב וישר ה' על כן יורה חטאים בדרך וכבר קרא אותך לאט ובלשון רכה ואחר כך בתוכחת והכלמה ואחר כך הזהיר אותך בעונשו כדי שתשוב אליו ותמהר לחזור עדיו מהר אחי ומהר להאזין אליו ולשמוע בקולו ולדבקה בו ובחור לנפשך מה שבחר לה אלהיך ורצה לה מה שרצה ממנה בוראך ואל תביאך העצלה להקל בה כי אם תקל נפשך בעיניך אי זה דבר יהיה נכבד אצלך והזהר פן ישיאך הרהור לבך ויאמר לך עתה אחרי אורך התעלמותי וחליפות רוב ימי אשוב אל האלהים ואבקש מחילתו וראוי שתשיב עליו כמה שאמר הנביא

כל הנביאים כלם לא עמדו לחס לישראל רק להחזירם למוטב וכל דבריהם חיים וקיימים לעד ולעולמי עולמים: ללכת עמך: מוסב על ולנהלך לאט ללכת עמך כו': וכבר קרא אותך לאט כמ"ש חז"ל אין בעל הרחמים פוגע בנפשות תחלה כו': והזהר פן כו'. ויאמר לך עתה אחרי אורך כו'. כלומר פן תאמר בלבבך וכי אחר שכבר כלו רוב ימי בעבירות איך אשא פני לשוב אל האלהים פן ואולי לא יקבלו אותי אל תאמר כן כבר הכריזו כל הנביאים וגם משה רבינו ע"ה שהקדוש ברוך הוא יקבל אותנו בתשובה ואין לך דבר העומד בפני התשובה ואף על פי שהוא חסד הבורא לקבל תשובתנו איננו יוצא מגדרת הדין מאחר שאין לאדם בכל מעשיו אשר יעשה תחת השמש רק ההירהר והסכמה לדבר וגמר המעשה הוא נתלה ע"י

הישרה אונ ער האט דיך לאנג דער וועקט צו דעם רעכט פארטיגן וועג והורה אותך נהיב טובתך אונ האט דיר גוויזן דעם שטעג פון דיין גוטש לחמלה עליך פון וועגן זיין דער בארימקייט וואש ער האט איבער דיר ולנהלך לאט אונ צו פירן דיך פאמעליך ולא רצה לך שתתמיד על פתיותך אונ ער וואלט נים גערין דוא זאלשט בלייבין בייא דיין נארישקייט ותחזיק במרייך אונ זאלשט זיך שטארקין אין דיין ווידר שפעניקייט דרום האט ער דיר גיוויזן דעם גוטין וועג ללכת עמך על דרך החסד דאש ער וויל מיט דיר גיין מיט חסד אשר יאות לו וואש צוא אים איז דאש רעכט כלומר ווארום גאט ב"ה איז אבעל חסד ובחמלתו ורחמיו על ברואיו אונ מחמת זיין דער בארימקייט אונ זיין רחמנות וואש ער האט אויף זיינע בשעפניש אזו וויא עש שטייט אין (תהלים) טוב וישר יי גאט איז גוט אונ רעכט פארטיג על כן יורה חטאים בדרך דרום טוט ער ווייזן דיא זינדיגע דעם רעכטין וועג וכבר קרא אותך לאט ובלשון רכה אונ ער האט דיך שוין לאנג גירופן פאמעליך אונ מיט ווייכע רייד ואח"כ בתוכחות והכלימה אונ דער נאך מיט שטראף רייד אונ מיט פאר שעמונג ואח"כ הזהיר אותך בעונשו אונ דער נאך האט ער דיך מזהיר גיוועזן מיט זיין עונש כדי שתשוב אליו כדי דוא זאלשט זיך ווידר קערין צו אים דוא זאלשט נים טאן דאש וואש ער האט פאר באטין ותמהר לחזור עדיו אונ זאלשט זיך איילן ווידר קומן צו אים צו טאן זיינע מצות מהר אחי ומהר להאזין אליו איל דיך מיין ברודר אונ זייא גשווינד צו פאר נעמן זיינע מצות ולשמוע בקולו אונ צו הערין זיין קול ולדבקה בו אונ צו בהעפטין זיך אין אים ובחור לנפשך אונ דער וועל אויש פאר דיין זייל מה שבחר לה' אלהיך וואש דיין גאט האט פאר איר אויש דער ווילט ורצה לה אונ בווילג צו איר דאש זעלבינע מה שרצה ממנה בוראך וואש דער בשעפר האט פון אירענט וועגין באוויליגט ואל תביאך העצלה להקל בה אונ לאז דיך נים ברייננן דאש פוילקייט דוא זאלשט דיין זייל גרינג האלטן כי אם תקל נפשך בעיניך ווארום אז דיין זייל וועט בייא דיר אין דיא אויגין גרינג זיין איזה דבר יהיה נכבד אצלך וואש דען פר אזאך וועט בייא דיר חשוב זיין והזהר אונ היט דיך פן ישיאך הרהור לבך טאמר וועט דיך אן ריידין דיינע גיראנקן פון דעם הארץ ויאמר לך אונ וועט דיר זאגין וויא קאן דאש זיין עתה אחרי אורך התעלמותי איצונד נאך דעם אז איך האב אזו לאנג פאר הוילין תשובה צו טאן וחליפות רוב ימי אונ עש זיינן שוין אוועק גינאנגן דאש רוב פון מיינע טעג אשוב אל האלהים וויא זאל איך היינט זיך ווידער קערין צו גאט ואבקש מחילתו אונ זאל בעטין ער זאל מיר מוחל זיין

הנביא בענין הזה (יחזקאל יח) ובשוב רשע מרשעתו ובשוב צדיק מצדקתו עד סוף הענין וכבר המשילו זה הקדמונים לאדם שהיו בידו דרכמונות כסף והיה צריך לעבור בנהר גדול וכאשר עמד על שפת הנהר השליך הדרכמונים ההם בנהר מפני שקוה להפסיק הנהר בהם והשליכם כלם חוץ מאחד שנשאר בידו ולא נפסקו המים בעבורם וכאשר ראה כן אמר למלח אחד שהיה בנהר קח זה הדרכמון אשר בידי והעבירני בספינתך בנהר ועשה המלח כן והגיעו לחפצו בדרכמון ההוא אשר נשאר בידו והשיג בו מה שלא הגיע אליו בכל הדרכמונים שאבד בנהר וכאילו לא אבד מאומה וכן בעל התשובה אשר כלה רוב ימיו בזולת עבודת הבורא כשיחזור בתשובה באחרית ימיו ימחול לו הבורא מה שקדם מרוע מעשיו כל

ע"י הש"י כמו שמבאר בספר סנטהון בפי' חלק הד' ע"ש בארוך ובכמה מקומות א"כ הוא כאדם שב בכל לבו ומתחרט ומצטער על המעשה אשר עשה וכאלו לא עשה הנה עוקר בזה מחשבתו בהסכמתו שהיה לו בעבירה כאלו לא עשה כלום נמצא מחשבה והסכמה מוציא מידי מחשבה והסכמה ועכ"פ הוא חסד אל שכבר היה האדם רוצה בעבירה וחפץ בה מאוד ונהנה ממנו וכזה כתב בספר מסילת ישרים פ"ד ע"ש וז"ל ר"ת בספר הישר ואל יהי נואש מרחמי האל ואל יאמר אחרי אשר הגדלתי לעשות כל רע איך אעשה תשובה ויעביר על לבו אנשי נינוה ואחאב ומנשה שהגדילו לעשות רע מכל אשר לפניהם ובתשובה קבל אותם הש"י ורצה בעדם והצילם מצרתם עכ"ל: וכבר המשילו כו' · עיין בחשבון י"א כי הימים כדרכמונים ולא ישליכם

זיין זאלשטו אזו ניט טראכטן וראוי שתשיב עליו נייערט דוא בדארפשט דרויף ענטפערין כמה שאמר הנביא יחזקאל אזו וויא יחזקאל הנביא האט גיזאגט אין דעם ענין ובשוב רשע מרשעתו און אז דער רשע וועט ווידער קערין פון זיין רשעת כלומר אז ער וועט תשובה טאן ובשוב צדיק מצדקתו און אז דער צדיק וועט ווידער קערין פון זיין גירעכטיקייט ועד סוף הענין און אזו וויא ווייטר שטייט דארטין ביז צום סוף פון דעם ענין וכבר המשילו זה הקדמונים און דיא ערשטע חכמים האבין דאש לאנג גיגליכן לאדם שהיו בידו דרכמונות כסף צו אמענטש וואש האט גיהאט זילברנע מטבעות והיה צריך לעבור בנהר גדול און ער האט בדארפט פארין דורך איין גרוישן טייך וכאשר עמד על שפת הנהר און אז ער איז גישטאנען בייא דעם בארטין פון דעם טייך השליך הדרכמונים ההם בנהר האט ער דיא מטבעות ארייון גיווארפין אין טייך ארין מפני שקוה להפסיק הנהר בהם ווייל ער האט גיהאפט אז ער וועט דער מיט פאר שטאפין דעם טייך והשליכם כולם האט ער אלע מטבעות ארין גיווארפין אין טייך ארין חוץ מאחד שנשאר בידו נאר איין מטבע איז בייא אים איבער גבליבין ולא נפסקו המים בעבורם און דיא וואשר זיינען ניט נפסק גיווארין דורך די מטבעות וואש ער האט ארין גיווארפין וכאשר ראה כן און וויא ער האט דאש גזעהן אז ער האט גאר ניט גפועלט דער מיט אמר למלח אחד האט ער גיזאגט צו איין שיפער שהיה בנהר וואש ער איז גיוועזן בייא דעם טייך קח זה הדרכמון אשר בידי נעם דיר דיא זילברנע מטבע וואש איך האב והעבירני בספינתך בנהר און פיר מיך איבר דעם טייך מיט דיין שיף ועשה המלח כן האט דער שיפר אזו גיטאן והגיעו לחפצו בדרכמון ההוא אשר נשאר בידו איז ער גיקומן מיט דער מטבע וואש איז בייא אים איבר גבליבן צו זיין בגער וואש ער האט גיוואלט איבער פארין דעם טייך והשיג בו און האט מיט דער מטבע גיגרייכט מה שלא הגיע אליו בכל הדרכמונים שאבד בנהר וואש ער האט ניט גיגרייכט מיט אלע מטבעות וואש ער האט ארין גיווארפין אין טייך און ווייל ער איז דאך אויף זיין ארט גקומן וואו הין ער האט בדארפט איז בייא אים גליך גיוועזן כאילו לא אבד מאומה וויא ער האט גאר ניט פאר לארין וכן בעל התשובה און אזו אויך דער בעל תשובה אשר כלה רוב ימיו בזולת עבודת הבורא וואש ער האט פאר בראכט דאש רוב פון זיינע טעג מיט זעלכע זאכין וואש ניט אין גאטש דינשט כשיחזור בתשובה באחרית ימיו אז ער טוט צום סוף פון זיינע טעג תשובה ימחול לו הבורא מה שקדם מרוע מעשהו כל ימיו וועט אים דער בשעפר מוחל זיין אלע זיינע בייזע מעשים וואש ער האט

פריער

כל ימיו כמ"ש (שם) כל פשעיו אשר עשה לא יזכרו לו ואמר (שם לג) כל חטאתיו אשר חטא לא תזכרנה לו ואל יכבד עליך אחי הערתי אותך לשמירת עצמך אשר ארכו ימי התעלמותך (ס"א התעלמותה) ממנה כי לא יחדתיך בה מבלעדי נפשי והכנע לאמת ואל תברח ממנה והודה לאלהים אשר העיר אותך למה שלא ידעת ואל תקח אורך התעלמות זולתך המעיר לך לטענה לך ולאמתלא כי זה מתרמית היצר ומצודיו לאנשים אשר הכרתם הלושה האלהים ישימנו מן הממהרים אליו והשבים עדיו בלב שלם ברחמיו אמן :

(הג"ה והכנע לאמת כלומר לו יהיה כך שאינני מכוין רק אליך מ"מ אחר שהדבר אמת כאשר אליך נכון הכנע לדברי ואל תברח ממנה) :

נשלם השער השביעי בעזרת האל יתברך

יחליהם לאבדן ע"ש : ואל יכבד עליך כו' · לומר כי כבד ממני הדבר לשוב לעת זקנתי כי הוא למוכאך לכהאך ולשמירת עלמך ולא עוד כי לא יחדתיך בה מבלעדי נפשי כי כל דרכי התשובה שכתבתי עד הנה לא זכרתים לך לבדך כי גם לי גם לך יהיו לזכרון בין עינינו לקחת עלמנו ממנו ולשוב אל ה' · ואל תקח אורך התעלמות זולתך המעיר לך כו' · ר"ל ואל תקח ראיה מאנשי רשעים שהם מאריכים בטועה וברשעתם ולא נתנו לב לשוב לעולם ואפשר שגם שלום להם ואין תרלובות למותם ובריא אולם וגומר וא"כ גם לך למכשול ולפוקה כאלו גם לטענה לך ולאמתלא הבמר והזהר שתקח ראייה מאנשי עורים רשעים :. כי זה מתרמית היצר · להשיא אותך וכיוצא בך אשר הכרתם תלושה · והם שוטים בעולם הזה ובעולם הבא וכ"כ בסוף שער הכניעה כדברים האלה ע"ש אבל אנחנו ישימנו האלהים ברחמיו מן האנשים תכמים הממהרים לשוב אליו בלי איחור והשבים עדיו בלב שלם אמן כן יהי רצון :

אמר

פריער גיטאן ווייל ער האט גילעבט אזו וויא עס שטייט אין (יחזקאל) כל פשעיו אשר עשה לא יזכרו לו אלע זיינע זינד וואס ער האט גיטאן וועלין אים ניט גידאכט ווערין זאגט דער מחבר ואל יכבד עליך אחי אונ לאז דיר ניט צו שווער זיין מיין ברודר וואס איך האב דא גשריבן הערתי אותך לשמירת עצמך דען איך האב דיך דער וועקט דוא זאלשט זיך זעלבשט היטין אשר ארכו ימי התעלמותך ממנה פון זעלביש וואס האט גדויערט לאנג דיא טעג וואס דוא האשט זיך פון דעם פאר הוילין כלומר דוא האשט אלאנגע צייט דער פון זיך פאר הוילין אונ האשט ניט באגערט דראן צו גידיינקן כי לא יחדתיך בה מבלעדי נפשי דען איך האב דיך ניט גיאיינציגט דרינען הוץ מיך כלומר די אלע דרכים פון תשובה וואס איך האב דיר דא גישריבן האב איך ניט גימיינט דיך אליין אונ ניט מיך נאר איך האב עס פון מיינט וועגין אויך גשריבן איך זאל עס האבין מיר פאר אזכרון וויא אזו איך זאל תשובה טאן צו גאט והכנע לאמת אונ זייא אונטר טעניג צו דעם אמת ואל תברח ממנו אונ זאלשט דער פון ניט אנטלויפין עיין בהג"ה והודה לאלהים אשר העיר אותך למה שלא ידעת אונ לויב צו גאט וואס ער האט דיך דער וועקט צו זעלביש וואס דוא האשט ניט גיוואושט ואל תקח אורך התעלמות זולתך המעיר לך למענה לך ולאסתלא אונ זאלשט דיר ניט נעמען פאר קיין טענה ווייל אנאנדרע ער וואס האט דיך דער וועקט אונ גישטראפט אונ האט זיך גאנץ לאנג פאר הוילין תשובה צו טאן דרום וועשטו אויך קיין תשובה ניט וועלין טאן ווארום דאש איז קיין טענה אונ קיין פאר ענטפערונג ניט כי זה מתרמית היצר דען דאש איז פון דעם רמאות פון דעם יצר הרע ומצודיו אונ פון זיינע נעצין וואס ער האפט דער מיט לאנשים זעלכע לייט אשר הכרתם חלושה וואס זייער פאר שטאנד איז שלאף זאגט דער מחבר איין גיבעט אלהים ישימנו מן הממהרים אליו גאט זאל אונז טאן פון דיא וואס איילין זיך צו אים והשבים עדיו בלב שלם אונ טוען תשובה צו אים מיטן גאנצין הארצין אונ דאש זאל ער אלץ טאן ברחמיו מיט זיין דער בארעמקייט אמן :

# השער השמיני

## בחשבון האדם עם נפשו לאלהים

וזה פתח השער

**אמר** המחבר מפני שקדם מאמרנו בגדרי התשובה ותנאיה והיה החשבון עם הנפש אחד מתנאיה ראיתי לסמוך לה באור עניני החשבון עם הנפש בעבור מה שיש בו מעניני ההערה לה למה שיש בה תקנתה בשני העולמים כמו שאמר דוד ע"ה (תהלים קיט) חשבתי דרכי ואשיבה רגלי אל עדותיך וראוי לנו לבאר מדבר החשבון עם הנפש ששה ענינים הראשון מה החשבון עם הנפש והשני אם חשבון כל בני אדם שוה אם לא והשלישי על כמה פנים יהיה חשבון האדם עם נפשו והרביעי מה תועלת החשבון הזה והחמישי אם האדם חייב לחשוב עם נפשו תמיד אם לא והששי במה שחייב האדם לסמוך לחשבון מן המעשים:

מרפא לנפש

**אמר** המחבר והיה החשבון עם הנפש א' מתנאיה · כמ"ש שם בפ"ה והשמיני הוכחת נפשו ויכלימנו במצפונו כו' ע"ש ובזה הבין מלת חשבון: האדם עם נפשו הר"ל הוכחת עם נפשו בינו לבין עצמו ועי"ז יזכור ולא ישכח את אלהיו ואת תורתו כמו שמפרש בפ"א וגם' א"ל קורא אותם בלשון זכירות ועיין בספר הזכירות שלי: בעבור מה שיש כו'· ע"י החשבון הזה שתעורר הנפש למה שיש בה תקנתה כו': חשבתי דרכי · ע"י שחשבתי ונתתי לבי אל כל דרכי ועמלי וראיתי שתכלית כלם הוא: ואשיבה רגלי אל עדותיך · שהיה דרך להגיע אל עדותיך ואם לאו הכל הבל ורעות רוח:

כדי

פרק א **אבל** החשבון עם הנפש הוא השתדלות האדם בעניני תורתו ועולמו בינו ובין שכלו

**אמר** המחבר הָאט גִיזָאגְט דֶער מְחַבֵּר מפני שקדם מאמרנו וַוייל מִיר הָאבִּין פְרִיעֶר גִיזָאגְט בגדרי התשובה ותנאיה פון דִיא שָׁרָשִׁים פון דֶער תְּשׁוּבָה מִיט אִירֶע תְּנָאִים וָואשׁ דֶער צוּ גִיהֶערִין והיה החשבון עם הנפש אחד מתנאיה אוּנ עֶשׁ אִיז גִיוֶועז אֵיין תְּנַאי פוּן אִירֶע תְּנָאִים אַז דֶער מֶענְטְשׁ זָאל הָשְׁבּוֹן הָאבִּין מִיט זַיין נֶפֶשׁ אוֹיבּ זִיא הָאט גָאט רֶעכְט גִידִינְט ראיתי לסמוך לה דְרוּם אִיז מִיר גִיפֶעלִין דֶער בַּייא צוּ שְׁטֶעלִין באור עניני החשבון עם הנפש דָאשׁ בַּשֵׁיידִינֶעשׁ פוּן־דִיא עִנְיָנִים פוּן דֶעם חֶשְׁבּוֹן כְּלוֹמַר וִויא אַזוֹ דֶער חֶשְׁבּוֹן זָאל זַיין מִיטִין נֶפֶשׁ בעבור מה שיש בו מעניני ההערה לה וַוייל אִין דֶעם הֶשְׁבּוֹן אִיז פַאר הַאנְדִין וִויא מֶען זָאל זִיא כְּלוֹמַר דָאשׁ נֶפֶשׁ דֶער וֶועקִין למה שיש בה תקנתה צוּ זֶעלְכֶע זַאכִין וָואשׁ זִיא קָאן מִיט זֵייא גִיהָאלְפִין וֶוערִין בשני העולמים אִין בֵּיידֶע עוֹלָמוֹת אַזוֹ וִויא דָוִד הַמֶּלֶךְ הָאט גִיזָאגְט חשבתי דרכי אִיךְ הָאבּ אִיבֶּר גִירֶעכִינְט מֵיינֶע וֶועגִין הָאבּ אִיךְ גִיזֶעהֶן אַז דֶער תַּכְלִית פוּן אַלֶעמֶן אִיז נָאר ואשיבה רגלי אל עדותיך אַז אִיךְ זָאל ווידֶר קֶערִין מֵיינֶע פִיס צוּ דַיין תּוֹרָה כְּלוֹמַר אִיךְ זָאל הָאבִּין אַ דֶרֶךְ צוּ גְרֵייכִין צוּ דַיין תּוֹרָה וראוי לנו לבאר מדבר החשבון עם הנפש ששה ענינים אוּנ מִיר בַּדַארְפִין בַּשֵׁיידִין פוּן דֶעם חֶשְׁבּוֹן וָואשׁ אַמֶענְטְשׁ בַּדַארְף הָאבִּין מִיטִין נֶפֶשׁ אִין זֶעקְס זַאכִין הראשון מה החשבון עם הנפש דָאשׁ עֶרְשְׁטֶע אִיז וָואשׁ מֵיינְט מֶען דָאשׁ פַאר אַיין הֶשְׁבּוֹן וָואשׁ עֶר זָאל הָאבִּין מִיט זַיין נֶפֶשׁ והשני אם החשבון כל בני אדם שוה אם לא אוּנ דָאשׁ אַנְדֶרֶע אִיז אוֹיבּ דֶער חֶשְׁבּוֹן אִיז בַּייא אַלֶע מֶענְטְשִׁין גְלַייךְ אוֹיבּ נַיין והשלישי אוּנ דָאשׁ דְרִיטֶע אִיז על כמה פנים יהיה החשבון האדם עם נפשו אוֹיךְ וִויא פִיל עֶרְלֵייא אוֹפַנִים זָאל זַיין דֶער הֶשְׁבּוֹן בַּייא דֶעם מֶענְטְשִׁין מִיט זַיין נֶפֶשׁ והרביעי מה תועלת החשבון הזה אוּנ דָאשׁ פֶערְטֶע אִיז צוּ וָואשׁ הֶעלְפְט דֶער דָאזִיגֶר חֶשְׁבּוֹן והחמישי אוּנ דָאשׁ פִינְפְטֶע אִיז אם האדם חייב לחשוב עם נפשו תמיד אוֹיבּ דֶער מֶענְטְשׁ בַּדַארְף אַלֶע צַייט חֶשְׁבּוֹן צוּ הָאבִּין מִיט זַיין נֶפֶשׁ אם לא אוֹיבּ עֶר בַּדַארְף נִיט והששי אוּנ דָאשׁ זֶעקְסְטֶע אִיז במה שחייב האדם לסמוך לחשבון מן המעשים וָואשׁ פַאר אַיין מַעֲשִׂים בַּדַארְף דֶער מֶענְטְשׁ סְאָן וָואשׁ גִיהֶערִין צוּם חֶשְׁבּוֹן מִיט זַיין נֶפֶשׁ:

אבל

שכלו כדי שידע בזה מה שיש לו ומה שיש עליו מן ההובות וכבר הזהירנו על זה הנביא ע"ה באמרו (דברים ד) וידעת היום והשבות אל לבבך כי ה' הוא האלהים וגו' ואמר דוד ע"ה (תהלים לד) טעמו וראו כי טוב ה' ואמר (ד"ה א כח) דע את אלהי אביך ועבדהו ואמר (תהלים לב) אל תהיו כסוס כפרד אין הבין ואמר במי שלא הסתכל בעניניו ולא חשב עם נפשו עליהם (ישעיה מד) ולא ישיב אל לבו ולא דעת ולא תבונה ואמר (תהלים עח) לא זכרו את ידו ואמר (דברים לב) זכור ימות עולם ואמר (תהלים קמג) זכרתי ימים מקדם ואמר (איוב לו) אשא דעי למרחוק :

**כדי** שידע בזה מה שיש לו · מה שיש בידו ממדות הטובות ומצות ומע"ט : ומה שיש עליו עוד לקיימם ולהגיע אליהם ועדיין חסר מהם ויצטדל להגיע אליהם : וזכות הבנתם · ל' זך

פרק ב **אבל** אם השבון כל בני אדם שוה אם לא נאמר כי התשובה בזה שהשתדלות בני אדם בעניני תורתם ועולמם יתחלף כפי התחלפות הכרתם ושכלם וזכות הבנתם וכל אחד ואחד מהם מצווה לחשוב עם נפשו במה שהוא חייב בו מעבודת הבורא

**אבל** החשבון עם הנפש אבער דער חשבון מיטן נפש מיינט מען הוא השתדלות האדם בעניני תורתו ועולמו דאש פלייסונג וואש דער מענטש זאל זיך פלייסין מיט אזעלכע זאכין וואש גהערין צו דער תורה אונ צו דער וועלט זאל דאש אלץ זיין בינו ובין שכלו צווישן אים אונ צווישן זיין שכל כלומר דאש מוז ער אלץ איבר קלערין מיט זיין שכל וויא אזו זאל דאש פלייסונג זיין כדי שידע מה שיש לו כדי ער זאל ווישין וואש ער האט שוין פון מצות אונ מעשים טובים ומה שיש עליו מן החובות אונ וואש פאר אמצות אונ מעשים טובים ער איז נאך שולדיג מקיים צו זיין אונ זאל זיך פלייסין זייא צו מקיים זיין וכבר הזהיר על זה הנביא ע"ה אונ דרויף האט שוין משה רבינו ע"ה לאנג מזהיר גיוועזן באמרו מיט דעם וואש ער האט גיזאגט אין (דברים) וידעת היום והשבות אל לבבך דוא זאלשט ווישין היינט אונ זאלשט ווידער קערין צו דיין הארץ כי ה' הוא האלהים אז גאט איז דער רעכטר גאט אונ דוד המלך האט גיזאגט טעמו וראו כי טוב ה' פארשטייט אונ זעהט אז גאט איז גוט אונ אין (דברי הימים) שטייט דע את אלהי אביך ווייש דעם גאט פון דיין פאטר כלומר פאר שטייא מיטין שכל אז ער איז אגאט ועבדהו אונ דין אים אונ אין (תהלים) שטייט אל תהיו כסוס כפרד אין הבין איר זאלט ניט זיין אזו וויא איין פערד אונ אזו וויא איין מויל אייזיל וואש האט קיין פאר שטאנד ניט ואמר במי שלא הסתכל בעניניו אונ ישעיה האט גיזאגט אויף דעם וואש ער קוקט ניט אויף זיינע זאכין וואש ער טוט צוא זיינן זייא גוט צוא ניין ולא חשב עם נפשו עליהם אונ ברעכינט זיך ניט אויף זייא מיט זיין נפש האט ער אויף זייא גיזאגט ולא ישיב אל לבו אונ ער נעמט זיך ניט צום הארצן דיא זאכין וואש ער טוט ולא דעת ולא תבונה אונ ער האט ניט קיין ווישין שאפט אונ קיין פאר שטאנד אונ אין (תהלים) שטייט לא זכרו את ידו אונ זייא האבין ניט גידיינקט אין זיין מאכט אונ נאך שטייט דארטין זכרתי ימים מקדם איך האב גידיינקט אין דיא ערשטע טעג אונ אין (איוב) שטייט אשא דעי למרחוק איך וועל מיין פאר שטאנד אויף הייבין צו ווישין וואש פון לאנג איז גיוועזן :

**אבל** אם חשבון כל בני אדם שוה אם לא אבער אויב דער חשבון איז גלייך ביי אלע מענטשין אויב ניין נאמר כי התשובה בזה וועלין מיר זאגין אז דיא תשובה איז אויף דעם שהשתדלות בני אדם אז דאש פלייסקייט פון דיא מענטשין בעניני תורתם ועולמם אין דיא זאכין וואש גיהער צוא דער תורה אונ צו דיא וועלטליכע זאכין יתחלף כפי התחלפות הכרתם ושכלם דאש ווערט פאר ביטין ווערליג זייער פאר בייטונג פון זייער פאר שטאנד אונ פון זייער שכל וזכות הבנתם אונ ווערליג דעם לויטרקייט פון זייער פאר שטאנד וכל אחד ואחד מהם אונ איטליכר מענטש פון זייא

הבורא יתעלה כפי הכרתו בטובות הבורא הכוללת והמיוחדת כמו שאמר הכתוב (דברים יא) וידעתם היום כי לא את בניכם אשר לא ידעו ואשר לא ראו וגו' כי עיניכם הרואות וגומר רוצה לומר כי טענת הבורא עליכם יותר חזקה ונראית ממה שהיא על בניכם אשר לא ראו את מופתי הבורא כראותכם מפני שאתם ראיתם אותם בעיניכם ואתם המיוחדים בטובות הגדולות מבלעדיהם והנצלים ממכות מצרים וקרח ולא הם ועל כן חייבים אתם בעבודה עליה' וכן נאמר בשאר ב"א כי מה שחייבים בו יתחלף כפי התחלפות הכרתם והתחלפות הטובות עליהם ועל המאמין לחשוב עם נפשו במה שהוא חייב לאלהים ית' וידקדק בדבר בתכלית יכולתו וכפי השגתו ממנו ומה שמגיע אליו במעשה ישתדל בו ויטרח ומה שלא יוכל

זך ונקי : ומה שלא יוכל להשיגו במעשה כו' · כתב הר"מ אלשיך מפני שיש כמה מצות שאין נוהגין בזמן הזה וכמה מצות אינם נוהגים בכל אדם וכל הספרי"ג מצות הם נגד נשמתו של אדם בכולה ג"כ כלול מרמ"ח איברים רוחניים ושס"ה גידין כידוע ואין אדם נשלם עד שיקיים כולם לכך אין תקנה אחרת · רק שיתאוה ויתשוקק מתי יבוא לידו המצות שאין ביכלתו עתה ויקיימנה במחשבה והסכמה זו מצרף הקב"ה למעשה כאילו עשאה את כולם והבורא ידיננו לזכות מאחר

זיי מצוה לחשוב עם נפשו איז גיבאטין ער זאל זיך ברעכנן מיט זיין נפש במה שהוא חייב בו מעבודת הבורא יתעלה אין דעם וואש ער איז שולדיג פון גאטש דינשט כפי הכרתו בטובות הבורא וועדליג זיין דער קענונג אין דיא טובות פון דעם בשעפר הכוללות וואש איז כולל אלע גלייך כלומר וואש ער טוט מיט אלע גלייך והמיוחדות אונ דיא טובות וואש ער טוט מיט אימליכין בזונדער אזו ווי עש שטייט אין (דברים) וידעתם היום אונ איר זאלט היינט ווישין כי לא את בניכם אשר לא ידעו ואשר לא ראו דען ניט מיט אייערע קינדער וואש זייא האבין נישט גוואושט אונ ניט גיזעהען די נסים פון גאט האב איך דאש גירעט כי עיניכם הרואות נאר אייערע אויגין האבין דאש אליין גיזעהן רוצה לומר דער מיט האט ער גימיינט כי טענת הבורא דען דיא טענה פון דעם בשעפר וואש איר בדארפט אים דינען עליכם יותר חזקה ונראית איז אויף אייך שטארקער אונ בעשר ראוי אדער אזו איז דער פשט זיא ווערט אויף אייך בעסר אן גזעהן מיט שכל ממה שהוא על בניכם איידר זיא איז קעגין אייערע קינדר אשר לא ראו מופתי הבורא וואש זיי האבין ניט גזעהן די וואונדר פון דעם בשעפער כראותכם אזו וויא איר האט זיי גזעהען מפני שאתם ראיתם אותם בעיניכם ווייל איר האט דאך דיא וואונדר גיזעהן מיט אייערע אויגין ואתם המיוחדים בטובות הגדולות אונ איר זייט גאיינציגט אין די גרוישע טובות מבלעדיהם חוץ זיי כלומר אייך אליין האט גאט גיטאן די גרוישע טובות מיטין מן אונ באר אונ מיטין שליו אבער זיי ניט והנצלים ממכות מצרים וקרח אונ איר זייט ניצול גיווארין פון די מכות מצרים אונ פון קרח ולא הם אונ ניט זיי ועל כן חייבים אתם בעבודה עליהם אונ דרום זייט איר שולדיג גאט דער פאר צו דינען וכן נאמר בשאר בני אדם אונ אזו ווערט אויך גיזאגט ביי אנדערע מענטשין כי מה שחייבים בו אז וואש זיי זיינן חייב צו טאן יתחלף כפי התחלפות הכרתם ווערט צו שיידט וועדליג דאש צווישין שייד פון זייער פאר שטאנד כלומר אימליכער בדארף טאן נאך זיין פאר שטאנד נאך והתחלפות הטובות עליהם אונ וועדליג דיא טובות וואש גייט איבר אויף זיי זיינן זיי שולדיג דער פאר גאט צו דינן כלומר דער מענטש זאל זיך ברעכענן וועדליג דיא טובות וואש גאט האט אים גיטאן איז ער שולדיג דער פאר אים אזו צו דינען ועל המאמין לחשוב עם נפשו אונ אויף דעם וואש גלויבט אין גאט איז מוטל ער זאל זיך זעלבשט ברעכענן במה שהוא חייב לאלהים אין דעם וואש ער איז חייב צו גאט ודקדק בדבר בתכלית יכולתו אונ ער זאל דרויף מדקדק זיין אזו ווייט וויא זיין יכולת אונ זיין פאר שטאנד גרייכט דער פון ומה שמגיע אליו במעשה אונ וואש פאר איין מצוה ער קאן גרייכין צו טאן ישתדל בו ויטריח זאל ער זיך

יוכל להשיגו במעשה ישיגהו בידיעה ויתאוהו כמ"ש דוד ע"ה (תהלים קיט) אחלי יכונו דרכי לשמור חקיך ואמר (שם קיט) הנחמדים מזהב ומפז רב וגו' והבורא ידינהו בו לזכות והוא חייב לצפות לעתות אשר תשיג ידו ויוכל בהם לשלם מה שיתכן לו מחובות הבורא יתברך ואל ירחיב על עצמו האמתלאות בו ויזלזל בו ויניחהו ויתעלם ממנו פן יהיה נעכר ביום החשבון הגדול כמו שכתוב (משלי יג) בז לדבר יחבל לו :

פרק ג **אבל** על כמה פנים יהיה חשבון האדם עם נפשו לאלהים יתעלה אומר כי אופני החשבון רבים בענין הזה אך אבאר מהם שלשים פנים יתבאר מהם מה שאדם חייב בו לאלהים כשנותן אותם אל לבו ומקבל על נפשו לחשוב בהם ולזכור אותם תמיד :

מאחר שמחשבתו היא טובה : והוא חייב לצפות כו' · שבאם בא לידו מצוה שיוכל לקיים בפועל ויניחנו לומר די לי במחשבה לקיימם איננו כלום : פן יהיה נעכר ביום החשבון הגדול · וע' בס"ז שלי מזה באורך והבאתי בזכירת שבת מסי' קנ"ח שבקיום מצות שבת לבד בכל פרטים שיתבארו שם ובר"ח נוכל לעשות ג"כ לבוש רוחני לכל רמ"ח אברינו ושס"ה גידינו כאלו קיים כל התרי"ג מצות : אחלי · אני מיחל שיכונו דרכי לשמור חקיך : בז לדבר · אפי' אחד ממצות אלו אם מבזה סוף שיחבל בשבילם לשון אם חבול תחבול כפרש"י :

זיך דרינגען פלייסין אונ מטריח זיין אז ער זאל דיא מצוה טאן ומה שלא יוכל להשיגו במעשה אונ דאש וואש ער קאן ניט גרייכין עש צוא טאן דהיינו זעלכע מצות וואש איז ניט נוהג אין חוץ לארץ ישיגהו בידיעה זאל ער עש גרייכין מיט זיין פאר שטאנד כלומר דיא מצוה זאל ער ווישין אז ער בדארף צו טאן נאר ער קאן זיא ניט גרייכין ויתאוהו אונ זאל גילוסטין מקיים צוא זיין די מצוה אזו וויא דוד המלך האט גזאגט אחלי מיין האפין אדער בעטין איז יכונו דרכי לשמור חקיך דאש מיינע וועגן זאלין זיין אן גריכט צוא היטן דיינע גזעץ אונ נאך שטייט דארט הנחמדים זייא זיינען גלוסטיגער מזהב ומפז רב פון פיל גאלד אונ גים גאלד והבורא ידינהו בו לזכות אונ דער בשעפר וועט אים דרינגן דן זיין צוא גוטין והוא חייב לצפות אונ ער בדארף האפין לעתות אשר תשיג ידו צוא דיא צייטין וואש זיין מאכט וועט גרייכין ויוכל בהם אונ ער וועט קאנן אין דיא צייטין לשלם צו בצאלין מה שיתכן לו מחובת הבורא יתברך וויא ווייט ער וועט קאנען וואש ער איז שולדיג צום בשעפר ואל ירחיב על עצמו האמתלאות בו אונ זאל זיך ניט זוכין אין דעם קיין תרוצים זיך צו פאר ענטפערין ויזלזל בו אונ מזלזל זיין אין דר מצוה ויניחהו אונ זאל זיא אוועק לאזין צוא טאן אונ ער וועט זיך וועלין פטירן מיט וואש ער האט אויף איר גיהאט אמחשבה איז שוין גינוג פן יהיה נעכר ביום החשבון הגדול ווארום טאמר וועט ער בטריבט ווערין אז דער טאג וועט קומן אז ער וועט מוזין דעם גרוישן חשבון אפ געבן פר גאט אזו וויא עש שטייט אין (משלי) בז לדבר יחבל לו דר וואש איז מבזה אזאך פון דער תורה ווערט ער דריבער גמשכינת אדער יחבל לו ביילט ער אין זיך אליין כלומר ער ווערט דריבר גישטראפט :

**אבל** על כמה פנים אבר אין וויפיל ערלייא אופנים יהיה חשבון האדם עם נפשו לאלהים יתעלה זאל דער מענטש האבין חשבון מיט זיין לייב פון גאטש וועגין אומר וועל איך זאגין כי אופני החשבון רבים הם בענין הזה אז דיא אופנים פון דעם חשבון אין דער זאך זיינען פיל כלומר פיל ערלייא אופנים מוז ער דעם חשבון האבין מיט זיין לייב אך אבאר מהם שלשים פנים נאר איך וועל דער פון בשיידין דרייסיג אופנים ויתבאר מהם אונ פון זייא וועט אויש גיקלערט ווערין מה שהאדם חייב בו לאלהים וואש אמענטש איז חייב צוא גאט כשנותן אותם אל לבו אז ער וועט דיא זאבן צום הארצן נעמן ומקבל על נפשו לחשוב בהם תמיד אונ וועט אויף זיך נעמן אז ער זאל דרויף טראכטין אונ תמיד גידיינקן וועט ער פאר שטיין וויא אזו ער איז חייב צו לויבן דעם בשעפר :

במצות הלבבות) : ובבר משלו כזה כו׳ עיין המשל כזה בשער ג׳ פ״ג בד״ה וסדביעי וע״ש פירושו ואמר החכם כי לאדם שטוב לפניו נתן חכמה ודעת ושמחה ולחוטא נתן ענין לאסוף ולכנוס לתת לטוב לפני האלהים וגו׳ (ומעיין עליהם ר״ל ולעיין עליהם) : ואמרו חז״ל בפ״ק דע״א דף כ׳ ומייתי לה בסוף מס׳ סוטה וז״ל ת״ר ונשמרת מכל דבר רע שלא יהרהר אדם ביום ויבא לידי טומאה בלילה מכאן א״ר פנחס בן יאיר תורה מביאה לידי מעשה מעשה מביאה לידי (זהירות) פירש רש״י כשעבירה באה לידו זהיר להשמר שלא יכשל (זריזות) הנשמר קודם לכן שלא תבא (עבירה) לידו כי הכא שאינו מהרהר לבא לידי טומאה : פרישות אף מדבר המותר פירוש להחמיר על עצמו : נקיות נקי כאין

הפירות מאת האלהים יתברך ואם יתעלם מעבודתם ומעיין עליהם לא יהיה ראוי שיתן לו הבורא יתברך מהם פרי וכן בעל מעשה העבודה אם ישתדל וימהר ויהרין לעשות מה שיש ביכולתו יעזרהו האלהים לעשות מה שהוא למעלה מיכלתו אשר הוא הפרי העליון והטובה הנכבדת מאת האלהים על סגולתו ואנשי אהבתו בעולם הזה כמו שארז״ל כל המקיים את התורה מעוני סופו לקיימה מעושר ואמר החכם (קהלת ב) כי לאדם שטוב לפניו ונומר ואמרו חז״ל תורה מביאה לידי מעשה מעשה מביאה לידי זהירות זהירות מביאה לידי זריזות זריזות מביאה לידי פרישות פרישות מביאה לידי ״נקיות נקיות מביאה לידי ״טהרה טהרה מביאה לידי חסידות

(״או ר״ל נקיות שלא בהמחשבות הם נקיים אלנו : טהרה ר״ל בכל מה שהוא עושה הוא בטהרה) :

הוא מיחל הפירות מאת אלהים יתברך אונ דר נאך האפט ער צו גאט דאש ער זאל מאכין דרויף וואקסין פירות ואם יתעלם מעבודתם אבר ווען ער זאל זיך פאר הוילין פון זייער ארבעט כלומר ער זאל אבער ניט טאן דאש ווּאש ער דארף טאן צו די בוימר ומעיין עליהם אונ זאל זיך פר הוילין פון אכטונג צו געבן אויף זיי לא יהיה ראוי שיתן לו הבורא יתברך מהם פרי דער וועט ניט ווערט זיין אז גאט זאל אים פון זייא געבן פירות וכן בעל מעשה העבודה אונ אזוא איז אויך דער וואש דינט גאט אם ישתדל אז ער וועט זיך פלייסין וימהר אונ וועט זיך היילין ויהרין אונ וועט קליגן מיט זיין שארפין פאר שטאנד לעשות מה שביכולתו צוא טאן מצות אונ דינגן גאט ווערליג זיין מאכט יעזרהו האלהים לעשות מה שלמעלה מיכלתו וועט אים גאט העלפין אז ער זאל קאנען טאן וואש איז איבער זיין מאכט אשר הוא הפרי העליון וואש דאש איז דיא אויבערשטע פרוכט והטובה הנכברת אונ דאש בעשטע גוטש מאת האלהים על סגולתו ואנשי אהבתו בעולם הזה וואש עש קומט פון גאט אויף זיינע בעשטע אונ גליבטע לייט אויף דער וועלט אזוא וויא אונזערע חכמים ז״ל האבין גיזאגט כל המקיים את התורה מעוני דער וואש איז מקיים די תורה אין ארימקייט כלומר דאטשע ער איז איין ארום מאן פון דעסט וועגן איז ער פארט מקיים דיא תורה סופו לקיימה מעושר דער וועט זיא דער נאך מקיים זיין אין רייכקייט אונ דער חכם שלמה המלך האט גיזאגט אין (קהלת) כי לאדם שטוב לפניו דען צוא דעם מענטשין וואש וואול גיפעלט פאר גאט דעם האט ער גיגעבין חכמה אונ עשירות אונ אונזערע חכמים ז״ל האבין גיזאגט תורה מביאה לידי מעשה אז מען לערינט תורה ברייננט זיא צוא מעשים טובים מעשה מביאה לידי זהירות דיא מעשה ברייננט אים אז ער זאל גיווארינט זיין פון זינד כלומר אז עש קומט אים איין עבירה צו האנדין איז ער גיווארינט ער זאל זיך אפ היטן ער זאל זיא ניט טאן זהירות מביאה לידי זריזות אונ אז ער איז גיווארינט פון זינד דאש ברייננט אים צו פלייסקייט וזריזות דאש פלייסקייט מביאה לידי פרישות ברייננט צוא אפ שיידניש אז ער שייד זיך אפ פון וועלטליכע זאכין ער זאל זיך אפ שיידין אפילו פון דיא זאכין וואש זיינען מותר פרישות דאש אפ שיידונג מביאה לידי נקיות ברייננט צו ריינקייט אז ער האט אריינע מחשבה נקיות דאש ריינקייט מביאה לידי טהרה ברייננט אים אז אלץ וואש ער טוט טוט ער עש אלץ מיט ריינקייט טהרה מביאה לידי חסידות אונ דאש ריינקייט ברייננט אים צו חסידות

חסידות וחסידות נדולה מכלם שנאמר (תהלים פט) אז דברת בחזון להסידך וגו׳ ואם יתעלם ממה שיש ביכלתו ויקל במה שיש בכחו תרחק עזרת האלהים ואמצתו ממנו כמ״ש (משלי טו) רחוק ה׳ מרשעים ואמר (ישעיה נט) עונותיכם היו מבדילים וגו׳ :

**והשנים ועשרים** חשבונו עם נפשו על התערבו עם בני אדם בתקנת העולם מחרישה וקצירה ומקח וממכר וענינים שנעזרים בהם קצת בני אדם בקצתם על יישוב העולם שיאהב להם מה שיאהב לנפשו מהם וישנא להם מה שישנא לנפשו מהם ויחמול עליהם וירחק מהם כפי יכלתו מה שיזיקם כמו שנאמר (ויקרא יט) ואהבת לרעך כמוך וימשל בזה כאילו אנשים הלכו אל ארץ רחוקה בדרך עקוב ויש להם ללון במחנים רבים ויש להם בהמות רבות טעונות במשאות גדולות והאנשים במתי מעט ולכל אחד מהם בהמות רבות שהוא צריך לטעון ולפרוק אותם

כאין חטא (טהור) זה ומלובן וצריך מנקי: וחסידות גדולה מכלם במביאה לידי רוח הקודש ע״כ ועיין בספר מסילת ישרים על בריאתה זו פירוש נכון וישר כלורך :
**והשנים ועשרים** חשבונו עם נפשו על התערבו כו׳ ר״ל על מה שצריך להתערב עם ב״א בחרישה כו׳ שיאהב להם מה שיאהב לעצמו : ללון במחנים רבים בהרבה מחנות אשר יחנו שם ובכל המקומות ההם צריכין לפרוק ולטעון כו׳ :
ומן

וחסידות גדולה מכלם אונ חסידות איז גרעשר פון דיא אלע ווארום עש ברייננט אים צו דיא נבואה אזו וויא עש שטייט אין (תהלים) אז דברת בחזון לחסידך דענמאלט האשטו גירעט מיט דער נבואה צו דיינע חסידים ואם יתעלם ממה שיש ביכולתו אבר אז ער וועט זיך פאר הוילן פון צו טאן וועדליג זיין מאכט איז ויקל במה שיש בכחו אונ וועט זיך פאר גרינג האלטן פון צו טאן דאש וואש ער האט בכח כלומר אז ער וועט ניט טאן קיין מעשים טובים אפילו וואש ער קאן טאן תרחק עזרת האלהים ואמצתו ממנו וועט דיא הילף פון גאט אונ זיין קראפט פון אים דער וייטערט ווערין אזו וויא עש שטייט אין (משלי) רחוק ה׳ מרשעים גאט איז וייט פון דיא רשעים אונ ישעיה האט גיזאגט עונותיכם היו מבדילים אייערע זינד האבן צוא שייד צווישן אייך אונ צווישן אייער גאט :

**והשנים ועשרים** אונ דאש צוייא אונ צוואנציגשטע איז חשבונו עם נפשו דאש דער מענטש זאל גידיינקן על התערבו עם בני אדם אויף דעם וואש ער בדארף זיך צו מישן מיט לייט כלומר אז ער בדארף מיט זייא עוסק זיין בתקנת העולם מיט זעלבע זאכין וואש איז אתקנה צו דער וועלט מחרישה וזריעה וקצירה גלייך אז אקערין אונ זייען אונ שניידין ומקח וממכר אונ קויפן אונ פאר קויפן והענינים שנעזרים בהם קצת בני אדם בקצתם אונ נאך אנדרע זאכין וואש דיא לייט מוזין איינר דעם אנדערין בהילפיג זיין על ישוב העולם כדי דיא וועלט זאל קאנן איין בשטאנד האבין זאל ער דענמאלט גידיינקן שיאהב להם ער זאל פון זייערט וועגין דאש ליב האבין מה שיאהב לנפשו מהם דיא זאכין וואש ער האט ליב פון זיינט וועגין כלומר ער זאל אזו טאן פון זייערט וועגין וויא ער טוט פאר זיך זעלבשט וישנא להם מה שישנא לנפשו מהם אונ דיא זאכין וואש ער האט פיינד פאר זיך זאל ער צו זייא אויך פיינד האבין כלומר דאש וואש אים גיפעלט ניט ער זאל זיך עש טאן זאל ער עש זייא אויך ניט טאן אזו וויא עש שטייט אין (ויקרא) ואהבת לרעך כמוך דוא זאלשט ליב האבין דיין גיזעלין אזו וויא דיך זעלבשט וימשול בזה אונ זאלשט דרינן גלייך זיין כאילו אנשים הלכו אל ארץ רחוקה גלייך וויא לייט זיינן גיגאנגין אין אוויטין וועג ארין בדרך עקוב אין איין קרומן וועג ויש להם ללון במחנים רבים אונ וועלין מוזין איבר נעכטיגן אין פיל הארבריגן ויש להם בהמות רבות טעונות במשאות גדולות אונ האבן מיט זיך פיל בהמות וואש זיינן גלאדין מיט פיל משאות והאנשים במתי מעט אונ די לייט זיינן גאר ווייניג ולכל אחד מהם בהמות רבות אונ איטליכר פון זייא האט פיל בהמות שהוא צריך

לטעון

אותם פעמים ואם יעזרו איש את אחיו לטעון ולפרוק ויהיה חפצם בשלום הכל ולהקל מעליהם ושיהיו שוים בעזר ובסיוע ביניהם יגיעו אל הטוב שבענינים ואם יחלק לבם ולא יסכימו לעצה אחת וישתדל כל אחד מהם לעזור לעצמו לבד ילאה רובם ומן הפנים האלה אחי כבד העולם על יושביו ונכפלה עליהם עבודתו וטרחו מפני שרצו להתייחד כל אחד מהם בחלקו בו וביותר מחוקו ממנו ומפני שרצו ממנו יותר מחוקם ובקשו בו אשר לא להם מנעם העולם חוקם ממנו ולא המציא להם חלקם בו על כן אינם מרוצים ממנו ואין אחד בהם שאינו מתרעם בו ובוכה עליו כי בקשו בו מותרי המחיה ומנעם הוא די הספוק אלא לאחר הטורח הגדול והיגיעה הרבה ואילו היה מספיק להם די ספקם ותהיה

ומן הפנים האלה ר"ל ובמשל הזה עצמו הוא ענין העולם עם יושביו שמחמת זה יכבד עליהם עבודת עוה"ז וטורחו: מפני שרצו להתייחד כ"א מהם בחלקו בו · ר"ל שכל א' מב"א יש חלק בעולם שבעבורו נברא ר"ל זה עובד אדמה וזה רועה צאן וזה יודע מלאכה וכן כולם ואילו היה כ"א שמח בחלקו ולא יבקש מותרות ויעזור לחבירו במותר וכן חבירו לחבירו היה לכולם די מחסורם אשר יחסר להם בלא שום כבדות וטרחא אבל הם לא עשו כן אלא כ"א רוצה שכל מה שנתן לו הבורא יהיה שלו לבדו ואין לאחרים חלק בו ואף גם רוצה עוד מה שיש ביד חבירו ובוצע תמיד על כמה דברים שאין לו צורך בהם ואשר לא להם ולכך (מנעם הוא) ר"ל העולם אפילו די ספקם מפני שהוציאו ימיהם

לטעון ולפרוק אותם פעמים וואש ער בדארף אפט מאל אן לאדין כלומר ארוף לייגן דיא משא אויף זיי אונ אראפ נעמן די משא ואם יעזרו איש את אחיו לטעון ולפרוק אונ אז איינר וועט דעם אנדרין העלפן ארויף צו לייגן דיא משא אונ אראפ צו נעמן ויהיה חפצם בשלום הכל אונ זייער בגער וועט זיין אז אלע זאלין צו פרידין זיין ולהקל מעליהם אונ גרינגר צו מאכין פון זייא ושיהיו שוים בעזר ובסיוע ביניהם אונ זאלן אלע גלייך זיין אין די הילף צווישין זיי כלומר אונ זאלין זיך אלע גלייך העלפן יגיעו אל הטוב שבענינים דען וועלין זייא גרייכין צום בעסטן פון זייער פירונג. כלומר וועט זייער פירונג זייער וואול זיין ואם יחלק לבם אונ אבר ווען זייער הארץ וועט צו טיילט זיין ולא יסכימו לעצה אחת אונ וועלין ניט מסכים זיין אלע צו איין עצה וישתדל כל אחד מהם לעזור לעצמו לבד אונ איטליכר פון זייא וועט נאר טראכטין זיך זעלבשט צו העלפין ילאה רובם אזו וועלין פיל פון זיי מיד ווערן ומן הפנים האלה אונ אויף דעם גלייכניש זאלשטו ווישן אחי מיין ברודר פר וואש כבד העולם על יושביו די וועלט איז שווער אויף זיינע זיצערס כלומר אויף דיא מענטשין ונכפלה עליהם עבודתו וטרחו אונ די מיא אונ ארבעט פון דער וועלט ווערט אויף זייא גיטאפילט אונ צוא שווער זיין מפני שרצו להתיחד כל אחד מהם בחלקו בו ווייל איטליכר וואלט גערין זיין חלק כלומר וואש ער האט זיין אייגינש זאל זיין פאר אים אליין וביותר מחוקו ממנו אונ וואלט גערין גיקריגין נאך מער פון זיין שפייז וואש איז אים אפ גיזעצט ומפני שרצו יותר מחוקם אונ ווייל זייא וואלטין גערין גקריגן אין דער וועלט מער פון זייער שפייז ובקשו בו אשר לא להם אונ זוכין אין דער וועלט וואש גהער ניט צו זיי דרום מנעם העולם חוקם ממנו האט זייא דיא וועלט פאר מיטן זיי זאלין אפילו זייער שפייז אויך ניט קאנן קריגן ולא המציא להם חלקם בו אונ האט זייא אפילו זייער חלק אויך ניט גמאכט גרייכן אין דער וועלט על כן אינם מרוצים ממנו דרום זיינן דיא לייט ניט צוא פרידן פון דער וועלט ואין אחד מהם שאינו מתרעם בו ובוכה עליו אונ עש איז ניט פאר האנדין איינר פון זייא ער זאל ניט מתרעם זיין אונ קלאגין דריבר ווארום אפילו דער גרעשטר עושר האט אויך פיל עגמת נפש אויף דער וועלט כי בקשו בו מותרי המחיה ווייל זייא וואלטין גערין מער גיהאט איידר זייער בדערפינש איז ומנעם הוא די הספוק אונ דורך דעם האט ער פון זייא פאר מיטן אז זייא זאלין אפילו ניט האבין זייער בדערפינש אלא לאחר הטורח והיגיעה נאר דורך גרויש טירחא אונ גרויש מיא ואילו היה מספיק להם די ספוקם אבר ווען זייא וואלטין זיך בגנוגין לאזין מיט דעם וואש זייא בדארפן נייטיג צוא

זייער

ותהיה השתדלותם שוה לתועלת כלם ויהיו שוים בעניניהם היו מנצחים עולמם ומגיעים אל יותר מחפצם בו ולא די להם שאינם עוזרים זה לזה על עולמם אלא מחלישים קצתם את קצתם ועכב (ס"א ועטר) כל אחד מהם על חברו ומרפה כחו עד שלא יגיע אחד מהם אל בקשתו ולא ישיג תאוותו על כן השתדל אחי לקנות רעים נאמנים ואוהבים זכים יהיו לך לעזור על תורתך ועל עולמך בהיות לבך שלם עמהם ומצפונך זך להם ושיהיו הביבין עליך כנפשך כשתמצא ידך מי שהוא ראוי לזה מהם ואל תפקיד סודך אלא אצל סגולת הסגולה מהם בלבד כמו שאמר בן סירא רבים יהיו דורשי שלומך גלה סודך לאחד מאלף ואמר החכם (משלי כז) שמן וקטרת ישמח לב ומתק רעהו מעצת נפש:

והשלשה

ימיהם וכחם וטרחם על המותרות וזה וזה לא נתקיימו בידם ועיין במ"נ פי"ב מה"ג שכתב כדברים האלה על טענת פלוסוף א' בהרעות בעולם יותר מן הטובות והב"ב גם כדברים האלה וכמ"ש לעיל: שמן וקטורת כו' כמו השמן וריח קטורת משמחים לב האדם כן הענג מה ברעהו מיעצו משמח אותו ומתוק לו יותר מעצת עצמו וזה ראיה שישתדל לקנות רעים נאמנים כו':

בדערפינש ותהיה השתדלותם שוה לתועלת כולם אונ זייער פלייס זאל זיין גלייך אויף דער הילף פון אלע כלומר איינר זאל וועלן דעם אנדערין אזו בהעלפן וויא ער וואלט גערין זיך גיהאלפין ויהיו שוים בעניניהם אונ זייא זאלן גלייך זיין אין זייער פירונג דאש איטליכר זאל העלפין איינש דאש אנדערע היו מנצחים עולמם וואלטין זייא מנצח גיוועזן דיא וועלט ומגיעים אל יותר מחפצם בו אונ וואלטין גיקאנט גרייכן צו מער פון זייער בגער דרינן ולא די להם שאינם עוזרים זה לזה אונ עש איז ניט גינוג צו זיי וואש זיי העלפין זיך ניט איינר דעם אנדערן על עולמם אז זייא זאלן קאנן בשטיין אויף דר וועלט אלא מחלישים קצתם את קצתם נאר זייא מאכן נאך שלאף איינר דעם אנדערין ועכב כל אחד מהם על חבירו אונ איינר איז נאך מעכב צוא דעם אנדערין למשל ווען איינר וויל קויפין אכלי וואש גילוסט זיך אים גייט דער אנדרר אונ בטרעט יענם פיל געלט פאר דער כלי אונ וויל זיא גאר ניט קויפין נאר ער טוט עש דרום כדי יענר זאל זיא ניט קויפין הייסט דש ער איז יענם מעכב דר פון ומרפה כחו אונ מאכט אים שלאף זיין כח דהיינו ער נעמט בייא יענעם צו דאש געלט האט שוין יענר מיט עפים ניט צו קויפין עד שלא יגיע אחד מהם אל בקשתו ביז וואנן אפילו איינר פון זייא קאן ניט קומן צו זיין בגער ולא ישיג תאותו אונ קאן ניט קריגן דאש וואש ער גילוסט על כן השתדל אחי דרום פלייס דיך מיין ברודר לקנות רעים נאמנים צו קויפן זיך ווארהאפטיגע גיזעלן ואוהבים זכים אונ גיטרייע פריינד יהיו לך לעזור על תורתך ועל עולמך זיי וועלין דיר זיין צו הילף אויף דיין תורה אונ אויף דיינע וועלטליכע זאכן בהיות לבך שלם עמהם ווען אז דיין הארץ וועט גאנץ זיין מיט זייא ומצפונך זך להם אונ דיינע מחשבות וועלן ריין זיין צו זיי ושיהיו הביבין עליך כנפשך אונ זייא זאלין אויף דיר אזו גליבט זיין אזו וויא דוא אליין כלומר דוא זאלשט זייא אזו ליב האבין וויא דיך אליין כשתמצא ידך מי שהוא ראוי לזה מהם אז דוא וועסט נאר קריגן אזעלכע פריינד זאכן דער צו ראוי זיין אז דוא זאלשט זיי זיין באמת אפריינד ואל תפקיד סודך אונ פאר טרויא ניט דיין סוד אלא אצל סגולת הסגולה מהם בלבד נאר צום בעסטין פון אלע דיינע גליבטע פריינד כמו שאמר בן סירא אזו וויא בן סירא האט גיזאגט רבים יהיו דורשי שלומך פיל פריינד זאלשטו האבן וואש זאלן פארשטן נאך דיין שלום גלה סודך לאחד מאלף אבר דיין סוד פאר טרויא נאר צוא איינם פון טויזינט אונ דעם חכם שלמה המלך האט גיזאגט שמן וקטורת ישמח לב גלייך וויא אייל אונ קטורת דער פרייעט דאש הארץ ומתק רעהו מעצת נפש אזו איז אויך דיא זיסע עצה וואש זיין פריינד גיט בעסיר אז די ראט וואש איינר גיט זיך זעלבשט איז גידרונגן אז אמענטש גיהער זיך צו פלייסן צו קויפן פריינד:

השלשה

**והשלשה ועשרים** הבחינה בכל מה שיש בעולם מקטני הבריאות וגדוליהם ומעלות המדברים בו ומדרגות הברואים בתחתונו ועליונו ותכונת הגלגלים ותנועות השמש והירח והכוכבים "העומדים וההולכים וירידת הגשמים ונשיבת הרוחות ויציאת הולד מן הרחם ומה שהוא יותר נפלא מזה ויותר דק ויותר נראה ויותר נסתר מפלאי הבורא יתברך המורים על תמימות חכמתו ויכלתו והנהגתו הטובה והנינתו הכוללת ורחמיו ורוב השגחתו על הברואים ואל ישיאך רוב ראותך אותם ואורך רגילותך בהם על עזיבת התימה מהם והבחינה בהם ותהיה קדימת ידיעתך אותם מחייבת שתקל בהם בעבור שהיית רגיל בם ואם ימצא על דרך הזה ענין הנערים במה שהם

**והשלשה ועשרים** הבחינה בכל מה שיש בעולם · כי לא לבד שיבחין בפלאות הבורא מה שנראה לצדיקים ולעתים רחוקים אלא אף גם יבחין ויתבונן מה שהאדם רואה אותם תמיד מקטני הילירות ועד גדולם ומכולם יוכל להבחין חכמת הבורא והשגחתו ויכלתו מה שאין השפה יוכל לדבר ועי"ז יוכל האדם להרגיל א"ע

הג"ה "(ודע שכוכבי הגלגל השמיני נקרא גלגל המזלות הם עומדים במצב אחד במרחקם זה מזה לא ישנו אורחותם לפי שהם קבועים כולם בגלגל אחד והם נקראים אצל חכמי התכונה כוכבי שבת ואותן קורא המחבר עומדים והשבעה כוכבי לכת קורא המחבר הולכים פ"ל) :

**והשלשה ועשרים** אונ דאש דרייא אונ צוואנציגשטע איז הבחינה בכל מה שיש בעולם דש מען זאל פרובין אונ אכטונג געבין אויף אלימן וואש איז דא אויף דער וועלט מקטני הבריאות וגדוליהם פון די קלענשטע בשעפניש ביז די גרעשטע ומעלות המדברים בו אונ אויף דיא מעלות וואש דיא מענטשין האבין דרינען ומדרגות הברואים אונ אויף דיא מעלות פון די בשעפניש בתחתונו וואש זיינן אונטן אויף דער וועלט ועליונו אונ דיא אויבערשטע בשעפניש דאש זיינן דיא מלאכים ותכונת הגלגלים אונ ווי דיא גלגלים זיינן גישטעלט ותנועות השמש והירח והכוכבים אונ אויף דעם גאנג פון דיא זון אונ לבנה אונ דיא שטערין העומדים וההולכים דיא וואש שטיל שטייען אונ דיא וואש גייען (עיין בהג"ה) וירידת הגשמים אונ אויף דעם וויא דער רעגין נידערט פון דעם הימל ונשיבת הרוחות אונ וויא דיא ווינטן ווייען ויציאת הילד מן הרחם אונ וויא דאש קינד קומט אויש דיא טראכט פון דיא מוטער ומה שהוא יותר נפלא מזה אונ אויף זעלבע וואש איז נאך מער וואונדער דר פון ויותר דק אונ מער איידלר ויותר נראה ויותר נסתר מפלאי הבורא יתברך אונ וואש ווערט נאך מער גיזעהען אונ נאך מער פאר בארגין פון דיא וואונדר פון דעם בשעפר המורים על תמימות חכמתו ויכלתו וואש זייא ווייזין אויף דעם גאנצקייט פון זיין חכמה אונ אויף זיין יכולת והנהגתו הטובה אונ אויף זיין גוטע הנהגה וחנינתו הכוללת אונ אויף זיין לייט זעליקייט וואש איז כולל אלע בשעפניש ורחמיו אונ זיין דער בארימקייט ורוב השגחתו על הברואים אונ זיין פיל השגחה וואש ער האט אויף דיא בשעפניש ואל ישיאך רוב ראותך אונ לאז דיך ניט אן רייבן אונ פאר פירן ווייל דוא האשט זייא שוין פיל מאל גיזעהן ואורך רגילותך בהם אונ בייטט שוין דרינן לאנג גיוואונטליך זאל דיר דאש נישט פאר פירן על עזיבת התימה מהם אז דוא זאלשט פאר קאזין צו פאר וואונדרין זיך אויף זייא והבחינה בהם אונ פון צוא פרובן אונ אכטונג געבין אויף זייא כלומר ווייל דוא האשט עש שוין עטליכע מאל גיזעהן דרום ווערט דאש בייא דיר קיין חידוש ניט זיין ותהיה קדימת ידיעתך אותם אונ עש זאל זיין דאש וויא דוא ווייסט דיא זאכין נאך פון פריער מחייבת שתקל בהם ווערט דאש דיר מחייב זיין אז דוא זאלשט זייא פאר גרינג האלטן בעבור שהיית רגיל בהם ווייל דוא בישט ביים די זאכין שוין גוואונט גוואורן אונ ווערשט ניט וועלן אכטונג געבין דרינן דיא חכמה אונ דיא מאכט פון דעם בשעפער זאלשטו זיך ניט לאזין דער מיט

שהם רואים ומעידים כן ימצא רוב עמי הארץ והרבה מחשובי בני אדם על הענין הזה · והוא שהם תמהים מדבר שהם רואים אותו ולא הורגלו לראותו כקדרות השמש והירח והברקים והרעמים והזועות (ס"א והזיקות) והסערה והדומה להם ואינם תמהים מתנועות הגלגלים וסבובם כשמש וירח וכוכבים וצאת השמש ובואה וירידת הגשמים ונשיבת הרוחות והדומה לזה ממה שהוא נמצא עמם ורואים אותו תדיר וכן יתמהו כשרואים הים וגליו וסעריו ורוב החיות אשר בו ולא יתמהו מהלוך הנהרות והגרת המים מן המעיינות לילה ויומם לא ינוחו ולא יעמדו והרבה כזה על כן ראוי לך אחי לבחון בכל מה שברא הבורא יתברך מה שהיית רגיל בו ומה שלא היית רגיל בו ובמה שראית ובמה שלא ראית ואל תשיאך סכלותך מהסתכל

א"ע ולקיים שויתי ה' לנגדי תמיד כי מה רבו מעשיך ה' כולם בחכמה עשית ומכ"ש שבכולם יש חיות ורוחניות והוא מכחו ית' כמ"ש ואתה מחיה את כלם : ואם ימצא עד"ז כו' ר"ל אע"פ שנמצא כן בקטנים וכן ג"כ נמצא ברוב ע"ה כו' אבל אתה אל תהיה כמוהם אלא תבחן ותתבונן בכל מה שברא ית' מה שלא ראית מעולם וכן מה שאתה רואה כל עת : ואל ישיאך סכלותך מאחר שהיית סכל בנערותך שלא להסתכל בענינים ותעזוב ג"כ מלהסתכל לעת זקנותך והכרתך פן תמות בלא חכמה :
הלא

מיט פאר פירין נאר דו זאלשט אויף אלע זאכין אכטונג געבין וועשטו זעהן דער פון די גבורה אונ די חכמה פון גאט ב"ה ואם ימצא על דרך זה אונ ווען עש גיפינט זיך אויף דעם דרך ענין הנערים דעם מנהג פון דיא יונגע לייט וואש זייא טוען אזו במה שהם רואים ומעידים אין אזעלכע וואונדערליכע זאכין וואש זייא זעהן זעלבשט אונ זאגין עדות דרויף כן ימצא רוב עמי הארץ והרבה מחשובי בני אדם אונ אזו ווערט גיפונען בייא פיל פראסטע לייט אונ בייא פיל חשובי לייט על הענין הזה אויך אויף דעם גאנג איז דער מחבר מפורש וואש איז דער גאנג וואש גפינט זיך בייא יונגע לייט אונ בייא פיל פראסטע אונ חשובי לייט והוא אונ דאש איז שהם תמהים מדבר שהם רואים זייא פאר וואונדרין זיך פון אזעלכע וואונדערליכע זאכין וואש זייא זעהן עש ערשט הייגט ולא הורגלו לראותו אונ זיינן ניט גוואונט עש צוא זעהן דרום איז דאש בייא זייא אהידוש כקדרות השמש והירח גלייך אז דיא זון אונ דיא לבנה ווערין פינשטער דאש איז וואש מען רופט ליקוי החמה וליקוי לבנה והברקים והרעמים אונ די בליצין אונ דונערין והזועות אונ די ערד ציטרעניש והסערה אונ אשטורם ווינט והדומה להם אונ נאך אזעלכע גלייכין ואינם תמהים אונ פר וואונדרין זיך ניט מתנועת הגלגלים וסבובם פון דעם וויא די גלגלים וואגלין אום פון זייער אום גאנג כשמש וירח וכוכבים גלייך וויא די זון אונ די לבנה אונ דיא שטערין די גייען ארום דיא גאנצע וועלט וצאת השמש ובואה אונ וויא די זון גייט אויף אין דער פריא אונ גייט אונטער פאר נאכט וירידת הגשמים ונשיבת הרוחות אונ וויא דער רעגין נידערט פון דעם הימל אונ וויא די ווינטן וויען והדומה לזה ממה שהוא נמצא עמם ורואים אותם תדיר אונ נאך אזעלכע גלייכין וואש איז מיט זייא תמיד דא אונ זעהן עש פאר זיך אלע צייט פר וואונדרין זיי זיך גאר ניט אויף דעם וכן יתמהו אונ אזו אויך פאר וואונדרין זייא זיך כשרואים הים וגליו אז זייא זעהן דעם ים אונ זיינע איגדין אונ זיינע שטורמען ורוב החיות אשר בו אונ דיא פיל חיות וואש דרינן זיינן ולא יתמהו מהילוך הנהרות אונ זייא פאר וואונדרין זיך ניט איבר דעם גאנג פון דיא טייכין והגרת המים מן המעיינות אונ וויא דיא וואשר ציהן זיך פון דיא קוואלין לילה ויומם טאג אונ נאכט לא ינוחו ולא יעמדו זייא טוען ניט רוען אונ ניט שטיל שטיין והרבה כזה אונ פיל אזעלכע גלייכין על כן ראוי לך אחי לבחון דרום גיהערשטו מיין ברודער צו פרובין אונ אכטונג געבין בכל מה שברא הבורא יתברך אויף אלעמין וואש דער בשעפר האט בשאפן מה שהיית רגיל בו סייא אזעלכש וואש דוא בישט גוואונט דער מיט ובמה שלא היית רגיל בו אונ סייא מיט וואש דו בישט ניט גיוואונט ובמה שראית אונ אויף דעם וואש דוא האשט שוין אמאל גיזעהען ובמה שלא ראית אונ אויף אזעלכש וואש דוא האשט ניט גיזעהן קיין מאל נאר

הלא תדעו הלא תשמעו וגו׳ וכיוצא דקרא שאו מרום עיניכם וראו מי ברא אלה : וסכ״ד

מהסתכל בענינים בנערותך בתחלת ראותך אותם שתעזוב להתבונן ולבחון בהם בעת הזקת הכרתך ובר לבך והגעת בינתך כשאתה גדול אך הבט להם והסתכל בהם כאילו לא ראית כמותם ודמה בנפשך כאילו היית סתום עינים קודם הכרתך אותם ואחר כך פקחת עיניך וראית אותם והכרתם הלא תראה אחי כי הכסיל כעור וכאשר ישכיל יהי כענין מי שנפקחו עיניו וראה כמו שאמר הכתוב (בראשית ג) על אדם והוה ותפקחנה עיני שניהם וכבר ידענו כי עיניהם היו פקוחות קודם לכן ואל תתעלם מנפשך שתפקוד אותה ותחפש על סכלותה ואז תראה מאמתות הענינים ותכיר מפלאי הבורא יתעלה מה שארכה סכלותך בו ועורונך ממנו כמו שאמר אחד מן החכמים לבות החכמים יש להם עינים רואות מה שאינם רואים הפתאים

אִיצוּנְד זֶעהְשְׂטוּ עֶשׂ דָאשׂ עֶרְשְׂטֶע מָאל ואל תשיאך אוּנ לָאז דִיךְ נִיט אָן רֵיידִין אוּנ פַאר פִירִין סכלותך מהסתכל בענינים בנערותך דַיין נַארִישְׁקֵייט וָואשׂ דוּ בִּישְׂט גִיוֶועז אִין דַיין יוּגִינְט פוּן צוּא קוּקִין אוֹיף דִי זַאכִין בתחלת ראותך אותם אִין דֶעם אָן הֵייבּ אַז דוּ הָאשְׂט דִי זַאכְן גִזֶעהֶן כְּלוֹמַר דוּ זָאלְשְׂט נִיט זָאגִין וַוייל אִין דֶר יוּגִינְט אַז אִיךְ הָאבּ אָן גִהוֹיבְּן צוּא זֶעהֶן דִי זַאכִין הָאבּ אִיךְ נִיט אַכְטוּנְג גִגֶעבִּין אוֹיף דִי זַאכִין זָאל דִיךְ דָאשׂ נִיט בְּרֵיינְגְן שתעזוב להתבונן ולבחון בהם בעת הזקת הכרתך אַז דוּ זָאלְשְׂט פַר לָאזִין פוּן צוּ פַר שְׂטֵיין אוּנ צוּ פְּרוּבִין אוּנ אַכְטוּנְג גֶעבִּין אוֹיף דִי זַאכְן אִין דֶר צַייט אַז דַיין פַאר שְׂטַאנְד אִיז שְׂטַארְק ובר לבך אוּנ דַיין הַארְץ אִיז קְלָאר והגעת בינתך כשאתה גדול אוּנ דוּא קוּמְשְׂט צוּ דַיין רֶעכְטִין שֵׂכֶל אַז דוּא בִּיסְט שׂוֹין גְרוֹישׂ זָאלְשְׂטוּ אוֹיךְ נִיט וֶועלִין אַכְטוּנְג גֶעבִּין אוֹיף דִי זַאכִין צוּ זֶעהֶן פוּן זֵיי דִי גְבוּרָה אוּנ דִי חָכְמָה פוּן גָאט זָאלְשְׂטוּ זִיךְ דֶר מִיט נִיט לָאזִין פַר פִירִין אך הבט להם נָאר לוּג צוּ זֵייא כְּלוֹמַר גִיבּ אַכְטוּנְג אוֹיף דִיא זַאכְן והסתכל בהם אוּנ קוּק אוֹיף זֵייא אַזוֹ כאילו לא ראית כמותם גְלַייךְ וִויא דוּ הָאשְׂט נָאךְ זָעלְכֶע זַאכְן גָאר קֵיין מָאל נִיט גִיזֶעהֶן ודמה בנפשך אוּנ זָאלְשְׂט דִיר אוֹישׂ מָאלִין כאילו היית סתום עינים קודם הכרתך אותם גְלַייךְ וִוי דוּ בִּישְׂט בְּלִינְד גִיוֶועזְן אֵיי דוּא הָאשְׂט דִי זַאכִין רֶעכְט דֶער קָאנְט אוּנ פַר שְׂטַאנֶען ואח״כ פקחת עיניך אוּנ דֶער נָאךְ הָאשְׂטוּ עֶרְשְׂט דַיינֶע אוֹיגִין גִיעֶפִינְט וראית אותם והכרתם אוּנ הָאשְׂט זֵייא גִיזֶעהֶן אוּנ פַר שְׂטַאנֶען הלא תראה אחי פַר וָואר דוּ קָאנְשְׂט דָאךְ זֶעהֶן מַיין בְּרוּדֶר כי הכסיל כעור אַז אַיין נַאר אִיז גִרֶעכְנְט וִוי אַיין בְּלִינְדֶר וכאשר ישכיל אוּנ אַז עֶר קְרִיגְט שֵׂכֶל יהיה כענין מי שנפקחו עיניו וראה וֶוערְט עֶר וִויא אֵיינֶר וָואשׂ וֶוערִין גִיעֶפִינְט זַיינֶע אוֹיגִין אוּנ הֵייבְּט עֶרְשְׂט אָן צוּ זֶעהֶן אַזוֹ וִויא דֶער פָּסוּק זָאגְט אוֹיף אָדָם וְחַוָה ותפקחנה עיני שניהם אוּנ עֶשׂ זַיינֶען גִיעֶפִינְט גִוָוארִין בֵּייא בֵּיידֶע זֵייעֶרֶע אוֹיגְן וכבר ידענו אוּנ מִיר וֵוייסִין דָאךְ כי עיניהם היו פקוחות קודם לכן אַז זֵייעֶרֶע אוֹיגְן זַיינֶען פְרִיעֶר אוֹיךְ אָפִין גִיוֶועזְן נָאר וַוייל זֵייא זַיינֶען פְרִיעֶר נַארֶעשׂ גִיוֶועזְן אִיז דוּרְךְ דֶר זַאךְ וָואשׂ זֵיי זַיינֶען דֶער נָאךְ גִוָוארִין רוּפְט עֶשׂ דִיא תּוֹרָה אָן זֵייעֶרֶע אוֹיגִין הָאבְּן זִיךְ גִעֶפִינְט ואל התעלם מנפשך אוּנ פַר הוֹיל נִיט פוּן דַיין זֵייל שתפקד אותה דָאשׂ דוּ זָאלְשְׂט זִיא בַּדֵיינֶקְן ותחפש על סכלותה אוּנ זָאלְשְׂט זוּכִין נָאךְ דֶעם וָואשׂ זִיא פַאר שְׂטֵייט נִיט ואז תראה מאמתות הענינים אוּנ דֶענְטְמָאלְט וֶועשְׂטוּ עֶרְשְׂט זֶעהֶן דֶעם אֱמֶת פוּן דִיא זַאכִין ותכיר מפלאי הבורא יתעלה אוּנ וֶועשְׂט דֶער קָאנֶען פוּן דִיא וואוּנְדֶער פוּן דֶעם בַּשֶׁעפֶער יִתְעַלֶה מה שארכה סכלותך בו אַזֶעלְכֶעשׂ וָואשׂ דוּא הָאשְׂט אַ לַאנְגֶע צַייט עֶשׂ נִיט פַאר שְׂטַאנֶען ועורונך ממנו אוּנ וָואשׂ דוּא בִּישְׂט דֶער פוּן בְּלִינְד גִיוֶועזְן כמו שאמר אחד מן החכמים אַזוֹ וִויא אֵיינֶער פוּן דִיא חֲכָמִים הָאט גִיזָאגְט לבות החכמים יש להם עינים דִי הֶערְצֶר פוּן דִי קְלוּגֶע לַייט הָאבִּין אוֹיגִין רואות מה שאינם רואים הפתאים זֵייא זֶעהֶן וָואשׂ דִיא נַארִין זֶעהֶן נִיט אַזוֹא וִויא דֶער פָּסוּק זָאגְט אִין (ישעיה)

הלא

הפתאים כמ"ש הכתוב (ישעיה מ) הלא תדעו הלא תשמעו: **והארבעה ועשרים** שתחשוב עם נפשך ותתבענה על כל ענין שנתיישב אצלה מעניני ידיעת האלהים ותורתו ודברי הראשונים וחידות החכמים ועניני התפלות אשר ידעת מעת נערותיך וברוב ימי גדולך ולמודך תחלה כי צורות הענינים הדקים אצל מי שהכרתו חלושה אינם כצורתם אצל מי שהכרתו חזקה וכל אשר תוסיף הכרת האדם יוסיף בירור בענינים על כן אל תנוה דעתך על מה שנצטייר בלבך בתחלת למודך מן הענינים המסופקים והסברות העמוקות אבל ראוי לך להתחיל בעת חוזק שכלך והכרתך לעיין בספר תורת האלהים וספרי נביאיו כמי שלא למד מהם ספר ותרגיל עצמך לפרשם ולבארם ולהתבונן במלותם ובלשונם ומה שסובלות מן הענינים ומה שיש מהם כפשוטו ומה שאינו

וכל"ד על כן אל תנוה דעתך כו' לומר מאחר שכבר למדתי זה בנערותי. והוא ברור אצלי מאין ספק כו' אבל ראוי לך כו': ומה שהוא מהם נסתר ר"ל שיש בו איזה סתירה ולא נראה לפי דעתך כאין ספק

הלא תדעו הלא תשמעו פַאר וָואר איר זָאלְט ווייסִין פַאר וָואר איר זָאלְט הֶערִין וכו':

**והארבעה ועשרים** אונ דָאשׂ פִיר אונ צְוַואנְצִיגְשְׂטֶע אִיז שתחשוב עם נפשך דוּ זָאלְשְׂט מִיט דַיין זֵייל אִיבֶּר רֶעכְנֶן ותתבענה אונ זָאלְשְׂט זִיא מָאנֶן על כל ענין שנתיישב אצלה אויף אַלֶע עִנְיָנִים וָואשׂ זִיא הָאט פַאר שְׂטַאנֶען מעניני ידיעת האלהים ותורתו פון דִי עִנְיָנִים פון דֶעם ווייסִין שַׂאפְט פון גָאט אונ זַיין תּוֹרָה ודברי הראשונים וחידות החכמים אונ פון דִיא זַאכְן אונ רֶעטֶענֶעשִׂין וָואשׂ דִי עֶרְשְׂטֶע חֲכָמִים הָאבְּן גְמַאכְט ועניני התפלות אשר ידעת מעת נערותך אונ פון דִיא עִנְיָנִים פון דִיא תְּפִלוֹת וָואשׂ דוּ הָאשְׂט גיוואוּשְׂט נָאךְ פון דַיין יוּגִינְט וברוב ימי גדולך אונ אִין דִי רוֹב טֶעג וָואשׂ דוּא בִּישְׂט אויף גְצוֹיגִין גְוָוארִין ולמודך תחלה אונ דָאשׂ אִיז גִיוֶועזְן דַיין לֶערְנֶען צוּם אָן הֵייבּ אונ אַז דוּא קוּמְשְׂט צוּם שֵׂכֶל מוּזְטוּ דִיא אַלֶע זַאכִין וִוידֶער טְרַאכְטִין אונ רֶעכְט עֶשׂ פַר שְׂטֵיין כי צורות הענינים הדקים וָוארוּם דָאשׂ גְשְׂטַאלְט כְּלוֹמֶר דָאשׂ פַר שְׂטַאנְד פון דִי אֵיידֶלֶע אונ טִיפֶע זַאכִין אצל מי שהכרתו חלושה בַּיי דֶעם וָואשׂ זַיין פַאר שְׂטַאנְד אִיז שְׂלַאף אינם זַיינֶן זֵייא נִיט כצורתם אַזוֹ וִויא זֵייעֶר גְשְׂטַאלְט אִיז אצל מי שהכרתו חזקה בַּייא דֶעם וָואשׂ זַיין פַר שְׂטַאנְד אִיז שְׂטַארְק כְּלוֹמֶר דֶר וָואשׂ הָאט וֵוייניג שֵׂכֶל פַר שְׂטֵייט דִי טִיפֶע אונ דִי אֵיידֶעלֶע זַאכִין נִיט אַזוֹ וִויא עֶשׂ פַאר שְׂטֵייט זֵייא דֶער וָואשׂ הָאט מֶער שֵׂכֶל וכל אשר תוסיף הכרת האדם אונ וִויא גְרֶעשֶׂר דָאשׂ פַאר שְׂטַאנְד פון דֶעם מֶענְטְשִׂין אִיז יוסיף בירור בענינים טוּט אַלֵין מֶערִין קְלָארְקֵייט אִין דִי זַאכִין כְּלוֹמֶר פַאר שְׂטֵייט עֶר אַלֶץ מֶער דִי זַאכִין על כן אל תנוח דעתך על מה שנצטייר בלבך דְרוּם זָאלְשְׂטוּ נִיט מַאכִין רוּעֶן דַיין דֵיעָה אויף דֶעם וָואשׂ דִי זַאכְן זַיינֶן בַּייא דִיר אויש גְמָאלְט אִין הַארְץ בתחלת למודך אִין דֶעם אָן הֵייבּ אַז דוּ הָאשְׂט אָן גְהוֹבְּן צוּ לֶערְנֶן מן הענינים המסופקים פון דִי זַאכִין וָואשׂ דִי דֵיעָה אִיז מְסוּפָּק אִין זֵייא והסברות העמוקות אונ פון דִיא טִיפֶע סְבָרוֹת זָאלְשְׂטוּ זִיךְ דֶער מִיט נִיט בַּנוּגִין לָאזִין אבל ראוי לך להתחיל בעת חוזק שכלך והכרתך נָאר אַז דַיין שֵׂכֶל אִיז שְׂטַארְק אונ אַז דוּ קוּמְשְׂט צוּ דַיין רֶעכְטְן פַאר שְׂטַאנְד גִיהֶערְשְׂטוּ לעיין בספר תורת האלהים מְעַיֵין צוּ זַיין אִין דֶעם סֵפֶר פון גָאטְשׂ תּוֹרָה וספרי נביאיו אונ אויךְ אִין דִי סְפָרִים פון זַיינֶע נְבִיאִים אונ זָאלְשְׂט דְרִינֶען אַזוֹ מְעַיֵין זַיין כמי שלא למד מהם ספר גְלַייךְ וִויא דֶער וָואשׂ הָאט נָאךְ פון זֵייא גָאר נִיט גִילֶערִינְט קֵיין שוּם סֵפֶר ותרגיל עצמך לפרשם ולבארם אונ זָאלְשְׂט זִיךְ גִיוואוֹנֶען זֵייא מְפוֹרָשׁ זַיין אונ צוּא בַּשֵׁיידִין זֵייא ולהתבונן במלותם ובלשונם אונ אַכְטוּנְג צוּ גֶעבִּין אויף זֵייעֶרֶע וֶוערְטֶר אונ אויף זֵייעֶר לָשׁוֹן ומה שסובלות מן הענינים אונ וָואשֶׂערֶע עִנְיָנִים דִיא זַאכִין קָאנֶען טְרָאגִין כְּלוֹמֶר וָוארוּם עֶשׂ אִיז פַאר הַאנְדִין אַזֶעלְכֶע זאכין

שאינו כפשוטו ומה שיש מהם נראה ומה שהוא מהם נסתר ומה שהסברא (ס"א שהקושיא) נמצאת בו ומה שאין הסברא (ס"א שהקושיא) נמצאת בו וכן תעשה בתפלות ובתשבחות מהסתכל במלותם ומגמת עניניהם כדי שתהיה בעת שתדבר בהם לפני אלהיך יודע מה שמוציא לשונך מן המלות ומה שמבקש לבך בענין ואל תנהג בכל זה כמנהג ימי הנערות שתאמר מן המלות בלשונך מה שיזדמן לך ועל איזה דרך שיזדמן ואינך יודע הענין וכבר קדם לנו בענין הזה מה שיש בו די וכן תעשה בדברי החכמים והקבלה שתתבונן בהם ותדינם לזכות ואל תנוח דעתך על מה שנתברר אצלך בתחלת למודך

כפך: ואל תנהג כו' שתאמר מן המלות מה שיזדמן לך כו' ר"ל בלי הבנת פי' המלות מבלי דקדוק לשון הקדש בתנית הנע והרפה החזק כמו שמתפללים הקטנים: וכבר קדם לנו כו' נתבאר בתבועי ע"ש: ותדונם לזכות כי לא דבר רק הוא מכם הוא ריק שתחשוב בלא ירדת לסוף דעתם ולא טוב לך אבל אם עולה בדעתו לסתור ח"ו דבריהם הרי הוא

זאכין וואש זיינען על פי רמז אונ על פי סוד ומה שיש מהם כפשוטו ומה שאינו כפשוטו אונ וואש עש איז פאר האנדרין פון זייא וואש איז כפשוטה אונ וואש ניט כפשוטה איז ומה שיש מהם נראה אונ וואשערע עש זיינן אפענע אונ גיוויזענע זאכין ומה שיש מהם נסתר אונ וואשערע זאכין פון זייא זיינן פאר האנדרין פר בארגענע אדער אזו איז דער פשט ומה שיש מהם נראה דאש וואש עש איז פאר האנדרן פון זייא אזעלכע וואש שיקט זיך ומה שהוא מהם נסתר אונ דאש וואש פון זייא איז זיך איינש עש אנדרע סותר וועדליג אים דאכט זיך ומה שהסברא נמצאת בו אונ דאש וואש די סברא קאן גרייכין דרינן ומה שאין הסברא נמצאת בו אונ וואש די סברא קאן ניט גרייכין דרינן אדר אזו איז דער פשט ומה שהסברא נמצאת בו וואש די סברא ווערט דרינען גיפונן כלומר וואש וועדליג דר סברא גיהער עש טאקי אזו זיין ומה שאין הסברא נמצאת בו אונ אזעלכעש וואש די סברא ווערט דרינן ניט גיפונן כלומר וועדליג זיין שכל גיהער גאר אנדרש צו זיין ניט אזו וויא עש שטייט אין דער תורה זאל ער זיך דרינען אלץ גיוואונען ארייןטאן דעם שכל כדי ער זאל עש ארץ רעכט פאר שטיין וכן תעשה בתפלות ובתשבחות אונ אזו אויך זאלשטו טאן אין די תפלות ותשבחות מהסתכל במלותם דאש דו זאלשט אכטונג געבין אונ קוקין אויף זייערע ווערטער ומגמת עניניהם אונ אויף דער כוונה פון זייערע זאכין כדי שתהיה כדי עש זאל זיין בעת שתדבר בהם לפני אלהיך יודע מה שמוציא לשונך מן המלות אין דר צייט אז דו טושט ריידן די תפלות פאר דיין גאט זאלשטו וויסין וואש פאר איין ווערטער דיין צונג רעט ארויש ומה שמבקש לבך בענין אונ וואש דיין הארץ בגערט אין דעם ענין כלומר דו זאלשט וויסן וואש דו טושט בעטין מיט דער תפלה ואל תתנהג בכל זה אונ זאלשט זיך ניט נוהג זיין אין די אלע זאכן כמנהג ימי הנערות אזו וויא דו פלעגשט זיך נוהג זיין אין דיין יוגינט שתאמר מן המלות בלשונך מה שיזדמן לך דו זאלשט נאר זאגין מיט דיין צונג אין וואשערע ווערטער עש וועט זיך דיר מזדמן זיין כלומר וואשערע ווערטער עש וועלין דיר קומען אין מויל ארײן ועל איזה דרך שיזדמן אונ אויף וואש פר אדרך עש וועט זיך דיר מזדמן זיין דהיינו דו וועשט ניט מדקדק זיין מיט דיא נקודות אונ אויף אדגש אונ ארפה אונ אויף אשווא נח אונ אויף אשווא נע ואינך יודע הענין אונ דוא פאר שטייכט גאר דיא זאך ניט זאלשטו אזו אלץ ניט טאן וכבר קדם לנו בענין הזה מה שיש בו די אונ מיר האבין שוין אויבין גינוג גישריבין פון דער זאך וכן תעשה בדברי החכמים והקבלה אונ אזוא אויך זאלשטו טאן ווען דוא לערינשט דיא ספרים פון די חכמים אונ וואש זייא האבין איינער פון דעם אנדערין מקבל גיוועזן שתתבונן בהם דוא זאלשט דריך טראכטין אונ פאר שטיין אין זייא אונ אויב עש איז דארטן פאר האנדרין אזאך

למודך אבל תבע עליו את נפשך כמי שמתחיל בו במה שיתברר אצלך תזכרנו ותתישב בו ומה שתסתפק בבירורו תחקור עליו מחכמי דורך שלא בדרך החקירה הראשונה אז יראה לך מסודות התורה וסודות החכמים מה שאי אפשר להשיגו מצד למוד המלמדים אותך בתחלת ענינך ואל תשיאך הגאוה שתחשוב שהכרתך לא הוסיפה על מה שהיתה עליו מנעוריך ושמה שעבר בדעתך בעת הנעורים לא יתכן להשתנות אצלך ולהיות נכרי אצל דעתך כי זה מפיתוי היצר לך שירשל אותך מעיין ומחקור על אמתת הענינים וידמה בעיניך שאתה חכם גמור ולא תחסר

הוא יוצא לאפיקורסות ואין לו תקנה : ראית איש חכם בעיניו תקוה לכסיל ממנו אם ככסיל מכיר חסרונו ובוא ולומד יש לו תקוה אבל החכם בעיניו ימות

אזוי וואש דיר דאכט זיך עש איז ניט גוט ותדינם לזכות זאלשטו זייא דן זיין לכף זכות כלומר דו זאלשט ניט זאגין זייא האבין חס ושלום אטעות גיהאט נאר דוא זאלשט אן היינגען אז דו פאר שטייסט עש ניט רעכט ואל תנוח דעתך על מה שנתברר אצלך בתחלת למודך אונ עש זאל ניט רוען דיין דיעה כלומר פאר לאז דיך ניט אויף דעם וויא דוא האשט עש פאר שטאנגען אין אן הייב פון דיין לערנען דאש היישט בשעת דו האשט עש אן גיהויבין צו לערנען אבל תבע עליו נפשך כמי שמתחיל בו נאר מאן דרויף דיין לייב אזו וויא איינער האט עש ערשט אן גיהויבין צו לערנן כלומר עש זאל בייא דיר גלייך זיין וויא דו לערינשט עש דאש ערשטע מאל ומה שיתברר אצלך אונ וואש עש וועט בייא דיר אויש גיקלערט ווערין דאש היישט וואש דו פאר שטייסט תזכרנו ותתישב בו דאש זאלשטו גידיינקען אונ בלייב דער בייא ומה שתסתפק בבירורו אונ וואש דוא קאנשט ניט רעכט פאר שטיין אונ עש איז בייא דיר אספק תחקור עליו מחכמי דורך זאלשטו עש פארשטין אונ פרעגין די חכמים וואש זיינען אין דיין דור שלא בדרך החקירה הראשונה אבר ניט אויף דעם דרך אזו וויא דוא האשט צום ערשטין גיטאן אז דו האשט אן גיהויבין צו לערנן אדר אזו איז דער פשט נאר דוא זאלשט ניט פארשטין וואש עש איז גיוועזן צום ערשטין איי די וועלט איז בשאפן גיווארין אז דערנמאלט אז דו וועשט אזוא טאן יראה לך מסודות התורה וועט דיר גיוויזין ווערן פון דיא סודות פון דר תורה ומסורות החכמים אונ פון דיא סודות פון דיא חכמים מה שאי אפשר להשיגו מצד למוד המלמדים אותך בתחלת ענינך אזעלכש וואש איז דיר אום מיגליך גיוועזן צו פאר שטיין דורך דעם למוד וואש מען האט דיך גילערינט אין דעם אן הייב אז דו האשט אן גיהויבין צוא לערנען ואל תשיאך הגאוה אונ לאז דיך ניט אן ריידין די גאוה שתחשוב אז דו זאלשט טראכטין שהכרתך לא הוסיפה אז דיין פר שטאנד איז ניט גרעשר גווארין על מה שהיתה עליו מנעוריך פון דעם וויא עש איז גיוועזן אין דיין יוגינט כלומר דוא זאלשט ניט טראכטין אז דו בישט אין דער יוגינט אזו פאר שטאנדיג גיוועזן אז עש קאן שוין גרעשר ניט זיין ושמה שעבר בדעתך בעת הנעורים אונ וואש עש איז דיר איבר גגאנגן אין דיין יוגינט כלומר אונ אזו וויא עש איז ביי דיר איין גיזעצט גיווארין אין דער יוגינט לא יתכן להשתנות אצלך דאש קאן שוין בייא דיר ניט פר ענדערט ווערין ולהיות נכרי אצל דעתך אונ עש זאל היינט פרעמד ווערין בייא דיין שכל כלומר דוא וועשט וועלין זאגין דאש קאן גאר ניט זיין וואש איך האב אפ גיקלערט אין דר יוגינט זאל בייא מיר דאש היינט גאר פרעמד אונ פר נישט גירעכינט זיין זאלשטו אזו ניט זאגין כי זה מפיתוי היצר לך ווארום דאש איז פון דעם איבער ריידין וואש דער יצר הרע רעט דיך אן שירשל אותך כדי ער זאל דיך פויל מאכין מעיין ומחקור על אמתת הענינים פון צו טראכטן אונ נאך צו פארשטין אויף דעם רעכטין שורש פון דיא זאכין וידמה בעיניך שאתה חכם גמור אונ שטעלט דיר פאר אונ רעט דיר איין אז דו בישט

ימות בלא חכמה: החכם עיניו בראשו · ר"ל בראשית הדברים ועניניו יכיר ויתבונן

תחסר מאומה ממה שאתה צריך לו כמו שאמר החכם (משלי כו) חכם עצל בעיניו משבעה משיבי טעם ואמר (שם) ראית איש חכם בעיניו תקוה לכסיל ממנו ואמר (קהלת ב) החכם עיניו בראשו רוצה לומר שהוא "מסתכל בתחלת עניניו ומה שהוא בו מעניני תורתו ועולמו ופוקד אותם ומבין הטוב והרע מנפשו במה שעבר לו ויוסיף להחזיק בטוב וישוב מן הרע

(אלו ר"ל החכם עיניו על מה שעבה בראשיתו ובתחלתו)

והכסיל מתעלם מכל זה כמי שהולך באפלת הלילה בדרך ארוכה לא יביט אל מה שעבר ואם יהזיר פניו לא יתבאר אליו אך כל דעתו על מה שיש לפניו ועל זה אמר והכסיל בחשך הולך ואמר (שם) ראיתי אני שיש יתרון לחכמה מן הסכלות כיתרון האור מן החשך וגומר:

**והחמשה ועשרים** שיחשוב עם נפשו על מה ששקע בה מאהבת העוה"ז והגברת תאוותיה על אהבת העוה"ב וישתדל להוציא אהבת העוה"ז

בישט ארגכטער חכם ולא תחסר מאומה ממה שאתה צריך לו אונ עס גייט דיר גאר ניט אפ פון דעם וואס דוא בדארפסט כלומר דוא קאנסט אלין אונ דו בדארפסט קיין שום זאך ניט פרעגן אזו וויא דער חכם שלמה המלך האט גיזאגט חכם עצל בעיניו דער פוילר האלט זיך בייא זיך קליגר משבעה משיבי טעם פון זיבן פר שטאנדיגע לייט וואס זייא ווייסן גוטע טעמים צוא געבן אונ נאך האט ער גיזאגט ראית איש חכם בעיניו ווען דוא האסט גיזעהן אז איינר האלט זיך פאר קלוג אין זיינע אויגן תקוה לכסיל ממנו האט דער נאר אגרעסיר האפונג פון אים כלומר דער נאר וואס ווייסט זיין חסרון אונ לערינט זיך פון לייט האט מער האפונג פון דעם וואס אים דאכט זיך ער איז זייער קלוג אונ אין (קהלת) שטייט החכם עיניו בראשו דר חכם האט זיינע אויגן צום אן הייב רוצה לומר אונ דער מיט מיינט ער שהוא מסתכל בתחלת עניניו ער קוקט אין דעם אן הייב פון זיינע זאכן כלומר ער קוקט אויף דיא זאכן וואס ער האט פריער גטאן ומה שהוא בו מעניני תורתו ועולמו אונ וואס ער האט גטאן אין די ענינים פון זיין תורה אונ פון דר וועלט ופוקד אותם אונ גדיינקט זייא ומבין הטוב והרע מנפשו במה שעבר לו אונ בטראכט אונ פר שטייט פון זיך זעלבסט דאס גוטס אונ דאס בייז וואס ער האט פריער גטאן ויוסיף להחזיק בטוב אונ מערט זיך צו שטארקן ווייטר גוטס צוא טאן וישוב מן הרע אונ קערט ווידר פון דעם בייז כלומר ער טוט שוין קיין בייז ניט והכסיל מתעלם מכל זה אבר דער נאר פאר הוילט זיך פון דעם אלעמן כמי שהולך באפילת הלילה גלייך וויא איינר וואס גייט בייא נאכט אין דער פינצטר בדרך ארוכה אין איין לאנגן וועג לא יביט על מה שעבר דער טוט ניט קוקן אויף דעם וויא ער איז פריער גגאנגען ואם יחזיר פניו אונ ווען ער וועט שוין אפילו אום קערין זיין פנים אונ וועט ער וועלין זעהן דעם וועג וויא ער איז גגאנגען לא יתבאר אליו קאן ער דעם וועג ניט וויסן קלאר וייל עס איז פינצטר אזו איז דער נאר אויך ועל זה אמר אונ אויף דעם האט שלמה המלך גיזאגט והכסיל בחושך הולך אונ דער נאר גייט אין דער פינצטער ואמר שם אונ נאך האט ער דארטן גיזאגט וראיתי אני אונ איך האב גיזעהן שיש יתרון להחכמה מן הסכלות אז דיא חכמה איז אזו פיל בעסיר פון דיא נארישקייט כיתרון האור מן החשך גלייך אז דאס ליכטיקייט איז בעסער פון דיא פינצטערניש:

**והחמישה ועשרים** אונ דאס פינף אונ צוואנציגסטע איז שיחשוב עם נפשו ער זאל בייא זיך זעלבסט גדיינקן על מה ששקע בה מאהבת העולם הזה אויף דעם וויא ער איז אזוא טיף איין גיזונקען אין דיא ליבשאפט פון דער וועלט והגברת תאותיה אונ וויא זיין גילושטיקייט

העוה"ז מלבו ולהגביר אהבת העוה"ב עליה בהסתכלו באחרית שני העולמים ומה שיהיה סוף ענינו בשני המעונים וישתדל להרחיק אהבת העוה"ז מלבו ולקיים בו אהבת העוה"ב תמיד וכבר אמר אחד מן החכמים כאשר לא יתחברו בכלי אחד המים והאש כן לא תתחבר בלב המאמין אהבת העוה"ז ואהבת העוה"ב ואמרו העוה"ז והעולם הבא כשתי צרות כאשר תרצה האחת מהן תקצוף השנית וכן אחי נפשך וגופך צריכות הנהגה ומחשבה והחזוק הנפש ותקונה יהיה בהרגילה במוסרים ובחכמות ולהנהיגה בדברי. הכמה וללמדה המדות הטובות ולמנוע אותה מתאוותיה הבהמיות אבל הזוק גופך ותקונו שתפקדנו במיני המאכלים הטובים הערבים והמשקים הראוים למזגו והרחיצה במים השוים ולהרגיש עליו תדיר בתועלותיו וצרכיו ואם תהיה מחשבתך על תקון גופך ותשים כל השגחתך עליו תתעלם מתקנת נפשך וכן אם

ויתבונן מסס מה יסיה אחריתו: כשתי צרות שתי נשים לאיש א׳: כאשר תרצה אם אחת מרצה את א׳ תקצוף השנית ר"ל אל תפליג כו׳ ר"ל לסיות משכת הרהבונה מכתות ספרוטים בוכר פ"ג מבאר ספריבות שנכרתו מן סיבוב אל סמדברות כו׳

תטה

גלוסטיקייט פון דער וועלט איז שטארקר על אהבת העולם הבא איידער די ליבשאפט פון יענר וועלט וישתדל להוציא אהבת העולם הזה מלבו אונ זאל טראכטין אויש ציהן פון זיין הארץ דיא ליבשאפט פון דער וועלט ולהגביר אהבת עוה"ב עליה אונ צו שטארקין אויף איר דיא ליבשאפט פון עולם הבא כלומר ער זאל יענע וועלט בעסר ליב האבין פון דר וועלט זאגט דר מחבר אונ וויא ארום וועט ער דאש קאנן שטארקין בהסתכלו באחרית שני העולמים אז ער וועט קוקן אונ פר שטיין אויף דעם סוף פון ביידע וועלטן ומה שיהיה סוף ענינו בשני המעונים אונ וואש זיין סוף וועט זיין אויף דיא צווייא וואונונגן אז ער וועט אויף דעם אכטונג געבן ישתדל להרחיק אהבת העולם הזה מלבו וועט ער זיך פלייסין צוא דער ווייטרין פון זיין הארץ דיא ליבשאפט פון דר וועלט ולקיים בו אהבת העולם הבא תמיד אונ תמיד צו האלטין אין זיין הארץ דיא ליבשאפט פון עולם הבא וכבר אמר א׳ מן החכמים אונ איינר פון דיא חכמים האט שוין לאנג גזאגט כאשר לא יתחברו בכלי אחד המים והאש אזו וואול וויא דאש וואשר מיט פייער קאן זיך באננד ניט בהעפטן אין איין כלי כן לא תתחבר בלב המאמין אהבת העולם הזה ואהבת העולם הבא אזו אויך קאן זיך ניט באננד בהעפטן בייא דעם פרומן מאן אין הארץ דיא ליב שאפט פון דער וועלט מיט דיא ליבשאפט פון יענר וועלט ואמרו אונ נאך האבין זייא גזאגט העולם הזה והעולם הבא כשתי צרות דיא וועלט אונ יענע וועלט איז גלייך וויא דוא האשט צווייא ווייבר כאשר תרצה האחת מהן אז דוא באווילינשט איינע פון זייא תקצף השנית טוט ברוגז ווערין דיא אנדרע וכן אחי אונ אזו אויך מיין ברודר איז מיט די ביידע וועלטן נפשך וגופך דיין נשמה אונ דיין גוף צריכות הנהגה ומחשבה די ביידע בדארפין וואול פר זארגט אונ בטראכט ווערין והחזוק הנפש ותקונה אונ דאש שטארקין אונ פר זארגין דיין נשמה יהיה טוט זיין בהרגילה במוסרים ובחכמות אז דו וועשט זיא גיוואונן אין שטראף רייד אונ אין חכמות ולהנהיגה בדברי חכמה אונ זאלשט זיא פירן מיט קלוגע רייד וללמדה המדות הטובות אונ זאלשט זיא לערנען דיא גוטע מדות צוא טאן ולמנוע אותה מתאוותיה הבהמיות אונ זאלשט זיא פאר מיידין פון אירע וועלטליכע גלוסטיקייט אבל חזוק גופך ותקונו אבר ווען דו ווילשט שטארקן צו דיין גוף אונ רעכט העלפין אים איז דאש שתפקדנו במיני המאכלים הטובים הערבים דוא זאלשט אים בדיינקין מיט אלערלייא גוטע אונ זיסע שפייז והמשקים הראוים למזגו אונ מיט אזעלכע משקים וואש זיינן גוט צוא זיין נאטור והרחיצה במים השוים אונ צוא באדין זיך אין מיטל מעסיגע וואשר ניט צוא הייש אונ ניט צוא קאלט ולהרגיש עליו תדיר אונ השגחה צו געבין אויף אים תמיד בתועלותיו וצרכיו ער זאל האבן וואש אים העלפט אונ זיין בדערפניש

זאגט

כו' ע"ב וזה שמסיים פן תשומם שתסיים משומם מן ישוב העולם כמ"ש שם: פן תמות בלא עתך ר"ל מות הנפש שהרשעים בחייהם

תטה מחשבתך להחיו' את נפשך בהשגחתך עליה תתעל' מהרבה מעניני גופך ומן הזריזות שתגביר את נפשך הקיימת לך על גופך הכלה ושתפקדנה ותרגיש עליה ואל תקצר בענינים הצריכים מאד לגופך ותכביד עליו ותחלישהו ותהיה זאת סבה לחלישות שניהם אבל תן לגופך המזון אשר יעמידנו על ענינו ותן לנפשך מן החכמות והמוסרים יותר מיכלתם ובזה אמר החכם (קהלת ז) אל תהי צדיק הרבה ואל תתחכם יותר וגומר ואמר (שם) טוב אשר תאחז בזה וגם מזה אל תנח את ידך רוצה לומר אל תפליג בדרכי הצדיקים הפורשים מן העולם ותעבור את נתיבתם פן תשומם וכן אל תפליג בדרכי הרשעים המגבירים את העולם ותלמד תאוותם יותר מן השיעור הראוי

זאגט דר מחבר איצונד וועשטו פאר שטיין פאר וואש עש קאן ניט זיין איינר זאל ליב האבן דיא וועלט אונ יענע וועלט ואם תהיה מחשבתך ווארום אז דיין מחשבה וועט זיין על תקון גופך אויף דעם באשטאנד פון דיין גוף ותשים כל השגחתך עליו אונ דוא וועשט טאן גאר דיין השגחה אויף אים תתעלם בתקנת נפשך וועשטו זיך פאר הוילן פון דעם באשטאנד פון דיין נשמה וכן אם תטה מחשבתך אונ אזו אויך אז דוא וועשט נייגן דיין מחשבה להחיות את נפשך צו דער נערין דיין נשמה בהשגחתך עליה דאש דוא וועשט השגחה געבין אויף איר תתעלם מהרבה מעניני גופך וועשטו זיך פאר הוילין פון פיל זאכין וואש געהערין צוא דיין גוף כלומר וועשטו שוין דעם גוף ניט וועלין געבין זיינע תענוגים ומן הזריזות אונ דאש פרומקייט ברייננט מיט שתגביר את נפשך הקיימת לך אז דיין נשמה וואש זיא בלייבט דיר אויף אייביג זאלשטו זיא שטארקן על גופך הכלה אויף דיין גוף וואש ער ווערט פר לענר ושתפקדנה ותרגיש עליה אונ זאלשט זיא בדיינקן אונ אכטונג געבין אויף איר ואל תקצר בענינים הצריכים מאוד לגופך אבער דיא זאכן וואש דיין גוף בדארף עש נייטיג האבין זאלשטו דרינן ניט קירצין ווארום אז דוא וועשט דאש אויך איהם ניט געבין ותכביד עליו אונ וועשט אויף אים שווער מאכין כלומר אונ עש וועט אים צו שווער זיין אויש צו האלטן ותחלישהו אונ דוא וועשט אים שלאף מאכין ותהיה זאת סיבה להלישות שניהם וועט דאש זיין אסיבה אז זייא זאלין ביידע שלאף זיין כלומר אז דוא וועשט דעם גוף גאר ניט געבן קיין עסין אדר אנדערע זאכין וואש ער בדארף נייטיג וועט דר גוף שלאף ווערן אונ דורך דעם וועט דיא נשמה אויך ניט קאנען גאט דינען היישט גלייך וויא זייא וועלן ביידע שלאף זיין אבל תן לגופך המזון אשר יעמידנו על ענינו נאר גיב דעם גוף שפייז וועדליג ער זאל קאנען בשטיין אויף זיין בשטאנד ותן לנפשך מן החכמות והמוסרים אונ גיב דיין נשמה פון דיא חכמות אונ שטראף רייד יותר מיכולתה מער אז אין איר מאכט איז כלומר דוא זאלשט אלץ טראכטן מער מעשים טובים צוא טאן איי איצונד איז אין דיין מאכט ובזה אונ פון דעם האט גיזאגט דער חכם שלמה המלך אל תהי צדיק הרבה ואל תתחכם יותר זייא ניט צוא פרום אונ אויך ניט צו קלוג אונ נאך האט ער גיזאגט ווייטר טוב אשר תאחוז בזה עש איז גוט דו זאלשט זיך אן גרייפין אין דעם דאזיגין דוא זאלשט טראכטין דיא תקנה פון דער נשמה וגם מזה אל תנח את ידך אונ דיא תקנה פון דעם גוף זאלשטו אויך ניט לאזין שטיין רוצה לומר דער מיט מיינט ער אל תפליג ב[illegible]צדיקים דו זאלשט ניט צו וויט גיין אין דיא וועג פון דיא צדיקים הפורשים מן העולם וואש זייא [illegible]יידין זיך אפ פון דער וועלט ותעבור את נתיבתם אונ זאלשט וועלין גיין אין זייער שטעג אונ צו פיל פרומקייט ברויכין זאלשטו אזו ניט טאן ווארום פן תשומם טאמר וועשטו פר ווישט ווערין דוא וועשט עש ניט קאנן אויש שטיין וכן אל תפליג בדרכי הרשעים אונ אזו אויך

זאלשטו

הראוי לתורתך ועולמך פן תמות בלא עתך רוצה לומר מות הנפש בתגבורת התאוה עליה בטבעה בים התענוגים הגופיים אך אחוז הדרך השוה והחזיק באחריתך ("ואל תנח עולמך "ואל תנה עולמך כי ממנו תקח לך צידה לעולם הקיימה ומקום ר"ל העוה"ז אל המנוחה כמו שאמרו חז"ל העולם הזה דומה לפרוזדור לפני העולם תעזוב מ"ל וכו') : הבא התקן עצמך בפרוזדור כדי שתכנס לטרקלין וזו היא דרך החסידים הראשונים היראים את האלהים ומה שאמר ואל תתחכם יותר ולא אמר ואל תהי סכל יותר מפני שיש להכמה אצלנו גבול ידוע לא יתכן לעבור אותו והוא שכל מין ממיני ההכמה שימשכנו לעבודת האלהים ולשמור מצותיו ולהראות חכמתו ויכלתו מותר לנו והייבים אנחנו לחקור עליו כמו שאמר (איוב כ"ח) הן יראת אדני היא חכמה ואמר (משלי ט') תחלת הכמה יראת ה' ודעת קדושים בינה ר"ל

זאלשט ניט צוא ווייט גיין אין דיא וועג פון רשעים המגבירים את העולם וואש זייא פאר שטארקין דיא וועלט כלומר וואש בייא זייא איז דער עיקר דיא וועלט ותלמוד יותר מן השיעור הראוי לתורתך ולעולמך אונ זאלשט זיך פון זייא אפ לערנן צו טאן זייער גרוססטקייט מער איי עש גיהער צוא דיין תורה אונ דיין עולם זאלשטו אזו ניט טאן ווארום פן תמות בלא עתך טאמר וועשטו שטארבין אן דיין צייט רוצה לומר אונ דער מיט מיינט ער מות הנפש די נשמה וועט שטארבין בתגבורת התאוה עליה דורך דעם וואש דאש גילוסטיקייט שטארקט זיך אויף איר בטבעה בים התענוגים הגופיים מיט דעם וואש זיא איז איין גיזונקין אין דעם ים פון דיא לייבליכע תענוגים דרום וועט דיא נשמה שטארבן כלומר ווארום דער עיקר היות פון דער נשמה איז דאך נאר אז זיא טוט מעשים טובים כדי זיא זאל קאנן קומן פאר דעם בשעפר אבר אז זיא איז איין גיזונקין אין די תענוגים פון דעם גוף הייסט גלייך וויא דיא נשמה שטארבט אונ דרום וועדן דיא רשעים בייא זייער לעבין אן גירופין מתים אך אחוז הדרך השוה נאר האלט אין דעם מיטל מעסיגן וועג והחזיק באחריתך אונ שטארק דיך צוא טראכטין אויף דיין סוף ואל תנח עולמך אונ לאז דעם עולם אויך ניט אוועק כי ממנו תקח לך צידה לעולם הקיימה ווארום פון דעם עולם קאנשטו דיר שפייז מיט נעמן צוא יענם עולם וואש בלייבט שטיין אויף אייביג ומקום המנוחה אונ אויף דעם ארט וואו דוא וועשט רוען אזו וויא אונזערע חכמים ז"ל האבין גיזאגט העוה"ז דומה לפרוזדור לפני העוה"ב דיא וועלט איז גלייך וויא איין פיר הויז פאר עולם הבא התקן עצמך בפרוזדור מאך דיך גרייט אין דעם פיר הויז כדי שתכנס לטרקלין כדי דוא זאלשט קאנן אין דעם פאלעץ אריין גיין וזו היא הדרך החסידים הראשונים אונ דאש איז גיוועזן דער וועג פון דיא ערשטע הסידים היראים את האלהים וואש האבין זיך גיפארכטן פאר גאט ומה שאמר אונ דאש וואש שלמה המלך האט גיזאגט אל תתחכם יותר זאי ניט איבריג קלוג ולא אמר אונ האט ניט גיזאגט ואל תהי סכל יותר זייא ניט צו נאריש מפני שיש להכמה אצלנו גבול ידוע ווייל דיא חכמה האט בייא אונז איין גווישן גבול וויא ווייט זיא גרייכט לא יתכן לעבור אותו מען טאר דעם גבול ניט איבר גיין והוא אונ דאש איז דער גבול שכל מין ממיני החכמה דען אלערלייא חכמות שימשכנו לעבודת האלהים וואש ציהט כלומר וואש ברייננט אונז צוא גאטש דינשט ולשמור מצותיו אונ צו היטן זיינע מצות ולהראות חכמתו ויכולתו אונ צוא ווייזן דיא חכמה פון גאט אונ זיין מאכט מותר לנו והייבין אנחנו לחקור עליו אזעלכע חכמות מעגין מיר לערנן אונ מיר זיינן חייב נאך צו פארשטין דער צוא כמו שאמר אזוא וויא איוב האט גיזאגט הן יראת י"י היא חכמה פאר וואר דיא פארכט פאר גאט דאש איז חכמה אונ אין (משלי) שטייט תחלת חכמה דער אן הייב פון דער חכמה איז יראת ה' גאטש

ר"ל דעת האלהים ואמר (תהלים קי"א) ראשית חכמה יראת ה' ואמר (ירמיה ח) הנה בדבר ה' מאסו וחכמת מה להם וכל מה שהוא מן החכמה על זולת הדבר אשר זכרנו אסור לעיין בה ולחקור עליה וע"כ אמר ואל תתחכם יותר אך הסכלות וההוללות הזהיר ממעוטם ועל כן אמר ואל תהי סכל ולא אמר יותר מפני שמעוטם מפסיד הרבה מעלות טובות כמ"ש (קהלת י) זבובי מות יבאיש יביע שמן רוקח יקר מחכמה מכבוד סכלות מעט:

בחייהם קנויים מתים: וכל מה שהוא כו' אסור לעיין בה כמו שאסרו לעיין בספרי הפילוסופים כמו שהביא הבל"ח במס' שבועות בשם הרשב"א והרא"ש ובאר גאונים להרחיק מדרכיהם ומחלקת לבונם ובעליהם נאמר כל באיה לא ישובון ובספר היכל לר"מ האריך בזה בכמה מקומות ובס' בומר אמונים ועיין מ"ש כפרשנות על מבנת הלק ע"ב המביאים את האדם לידי מהבבת פגול כנגד האמונה הקדושה: זבובי מות וגו' אפילו זבובים מתים יכולין להביא ולהטלות תבעבועות על השמן כטוב כן סכלות מעט יקר לכון כבידות

**והששה ועשרים** חשבונו עם נפשו כשהוא עומד במצות המלך ויירא מעונשו אם יעבור על מצותיו ולא ירגיש למצות אלהיו ולא ירא מעונשו בעברו על מצותיו ואיך לא יתבונן בשכלו מה בין שתי המצות

פארבט ודעת קדושים בינה אונ דאש ווישין שאפט פון דיא היילינע איז דאש פאר שטאנדיקייט ר"ל אונ מיט דעם ווארט דעת מיינט ער דעת אלהים דאש ווישן שאפט פון גאט דאש איז דאש פאר שטאנדיקייט אונ אין (תהלים) שטייט ראשית חכמה יראת ה' דאש ערשטע פון די חכמה איז דאש מען זאל זיך פארכטן פאר גאט אונ ירמיה האט גזאגט הנה בדבר ה' מאסו זייא האבן דאך פאר מיאוסת אין גאטש רייד וחכמת מה להם אונ וואש פאר איין חכמה האבן זייא וכל מה שהוא מן החכמה על זולת הדרך אשר זכרנו אונ וואש פאר חכמות וואש זיינן ניט אויף דעם דרך וויא מיר האבן פריער דער מאנט כלומר אזו איין חכמה וואש זיא ברייננט ניט צוא גאטש דינשט אונ צוא היטין זיינע מצות ואדרבה דיא חכמה קאן ברייננען נאר צוא שלעכטע מחשבות חלילה אסור לעיין בה ולהקור עליה טאר מען אין איר ניט מעיין זיין אונ מען טאר זיא ניט פארשטן ועל כן אמר אונ דרום האט שלמה המלך גיזאגט ואל תתחכם יותר אונ דוא זאלשט ניט איבריג קלוג זיין אך הסכלות וההוללות אבער אויף דיא נארישקייט אונ אויף דיא עבירות הזהיר ממעוטם האט ער מזהיר גיוועז אז מען זאל אפילו דאש ווייניגשטע דער פון ניט האבן אין זיך ועל כן אמר אונ דרום האט ער גיזאגט ואל תהי סכל אונ דוא זאלשט ניט זיין קיין נאר ולא אמר יותר אונ האט ניט גיזאגט דוא זאלשט ניט זיין צוא נארעש מפני שמעוטה מפסיד הרבה מעלות טובות ווייל אפילו ווייניג נארעשקייט פאר דארבט פיל גיטע מעלות אזו וויא עש שטייט אין (קהלת) זבובי מות יבאיש דיא טויטע פליגן מאכין אויך שטינקען יביע שמן רוקח אונ זייא מאכין אויף בלאזין דעם גווירצטין אייל ווארום אז טויטע פליגן זיינען אין גוטן בוים אייל ווערט פון אויבין באלבים יקר מחכמה מכבוד סכלות מעט אונ אביסיל נארישקייט איז שווערר אז דיא חכמה אונ כבוד איז גידרונגן אפילו ווייניג נארישקייט איז אויך ניט גוט דרום האט ער סתם גיזאגט ואל תהי סכל אונ דוא זאלשט קיין נאר ניט זיין:

**והששה ועשרים** אונ דאש זעקס אונ צוואנציגסטע איז חשבונו עם נפשו אז ער זאל בייא זיך זעלבשט גידיינקן כשהוא עומד במצות המלך וויא אזוא ער שטייט אין דעם גיבאט פון אמלך כלומר וויא אזו ער איז מקיים דאש וואש אמלך גיבית אים ויירא מעונשו אם יעבור על מצותיו אונ זאל אויך גידיינקן וויא ער האט מורא פאר זיין עונש אז ער איז עובר אויף זיין גיבאט ולא ירגיש למצות אלהיו אונ ווארום זאל ער ניט בגערין צו גידיינקן אונ פילן אויף דעם גיבאט פון זיין גאט ולא יירא מעונשו בעברו על מצותיו אונ יויא זאל ער זיך ניט

המצות ויכיר מה בין שני הענינים והתאחרו מהפיל העונש בו ורחקו מהשקיף עליו "וטרדתו בנפשו ובברו אמר החכם (משלי כד) ירא את ה' בני ומלך ואמר (שם כ') נהם ככפיר אימת מלך ואיך לא יתבייש המשכיל מאלהיו שגזרתו קיימת המשקיף עליו תמיד ולא תטרידהו ממנו טרדה ולא ימנעהו ממנו מונע ולא יירא ולא יפחד מעונשו וימרהו והוא יודע שהוא משקיף עליו ורואה נגלהו ונסתרו ולא יהזור אליו בתשובה על מה שקדם לו ויאמר כמה ארך המרותי את דברו והתמיד סתרו עלי אבקש מהילתו קודם שיעברני בעולם הזה או יענני בעוה"ב והוא מה שאמר דוד

(וטרדתו בנפשו כ"ל מה שהוא טרוד זה עונש אותו שיבכה לפעמים ממנו):

כבידות מכריע הרבה חכמה וכבוד מכלהם בסכלות מעט: וסכ"ו ולא יירא ולא יפחד כלומר ואיך לא יירא: ויאמר כמה ארך כו' ולמה לא יתשוב בלבו ויאמר כמה האריכתי לסתרות דבריו וכוא מסתיר פניו בלא להכנים אותי בכן ראוי לבקש מחילתו קודם שיעבור אותי או בעוה"ז או

רשע

נִיט פָארְכְטִין פַאר זַיין עוֹנֶשׁ אַז עֶר אִיז עוֹבֵר אוֹיף זַיינֶע גִיבָּאט ואיך לא יתבונן בשכלו אוּנ וִויא זָאל עֶר נִיט פַאר שְׁטֵיין מִיט זַיין שֵׂכֶל מה בין שתי המצות וָואשׂ דֶער חִילוּק אִיז צְוִוישִׁין דִיא צְוֵויא גִיבָּאט צְוִוישִׁין דִיא גִיבָּאט פוּן מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּ"ה אוּנ צְוִוישְׁן דֶעם גִיבָּאט פוּן אַמֶּלֶךְ ויכיר בין שני הענינים אוּנ וִויא זָאל עֶר נִיט דֶער קָאנֶען צְוִוישִׁין דִיא צְוֵויא עִנְיָנִים והתאחרו מהפיל העונש בו אוּנ פַאר זַאמְט אֵיידֶער עֶר וַוארְפְט דִיא שְׁטְרָאף אוֹיף אִים וָוארוּם עֶר בַּדַארְף עֶשׂ עֶרְשְׁט קְלֶערִין מִיט עֵדוּת אוֹיבּ עֶשׂ אִיז אֶמֶת אַז עֶר הָאט נִיט מְקַיֵים גִיוֶועז זַיין גִיבָּאט והקו מהשקיף עליו אוּנ אִיז וַוייט פוּן צוּא קוּקִין אוֹיף אִים אוֹיבּ עֶר הַאלְט זַיין גִיבָּאט אוֹיבּ נֵיין וטרדתו בנפשו אוּנ זַיין טִירְדָא וָואשׂ עֶר הָאט אִין זַיין לַייבּ כְּלוֹמֶר אוּנ זַיינֶע מַחֲשָׁבוֹת מַאכְט אִים טָרוּד ממנו פוּן אִים כְּלוֹמֶר אַז עֶר זָאל קָאנֶען פַאר גֶעסִין אָן אִים וכבר אמר החכם אוּנ דֶער חָכָם שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט שׁוֹין לַאנְג גִיזָאגְט כְּלוֹמֶר אוּנ שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט פְּרֶט גִיזָאגְט ירא את י"י בני ומלך מַיין זוּן פָארְכְט זִיךְ פַאר גָאט אוּנ פַאר דֶעם מֶלֶךְ אוּנ נָאךְ שְׁטֵייט דָארְטִין נהם ככפיר אימת מלך דִיא פָארְכְט פוּן אַמֶּלֶךְ בְּרוּמְט וִויא אַיין לֶעמְפֶּרְט ואיך לא יתבייש המשכיל מאלהיו אוּנ וִויא זָאל דֶער קְלוּגֶער מַאן נִיט שֶׁעמֶען זִיךְ פַאר זַיין גָאט שגזירתו קיימת וָואשׂ זַיין גְזֵירָה הָאט אַקִיוּם אוֹיף אֵייבִּיג המשקיף עליו תמיד וָואשׂ עֶר קוּקְט אוֹיף אִים אַלֶע צַייט ולא תטרידהו ממנו טירדה אוּנ קֵיין שׁוּם טִירְדָא קָאן אִים נִיט טָרוּד מַאכִין עֶר זָאל אוֹיף אִים נִיט קָאנֶען קוּקִין ולא ימנעהו ממנו מונע אוּנ קֵיין שׁוּם מְנִיעָה קָאן אִים דֶער פוּן נִיט פַאר מַיידִין ולא יירא ולא יפחד מעונשו אוּנ וִויא זָאל דֶער מֶענְטְשׁ נִיט מוֹרָא הָאבִּן אוּנ זִיךְ נִיט פָארְכְטִין פַאר זַיין עוֹנֶשׁ וימרהו אוּנ וִויא זָאל עֶר אִים וִוידֶער שְׁפֶּענִיגִין והוא יודע שהוא משקיף עליו אוּנ עֶר וַוייסְט דָאךְ אַז גָאט קוּקְט אוֹיף אִים ורואה נגלהו ונסתרו אוּנ זֶעהְט זַיינֶע אַנְפְּלֶעקְטֶע אוּנ פַאר בָּארְגִינֶע זַאכִין ולא יהזור אליו בתשובה אוּנ וָוארוּם זָאל עֶר נִיט צוּ אִיהם חוֹזֵר בִּתְשׁוּבָה זַיין על מה שקדם לו אוֹיף דִיא זִינְד וָואשׂ עֶר הָאט פְרִיעֶר גִיטָאן ויאמר אוּנ זָאל זָאגִין כמה ארך המרותי את דברו וִויא אַלַאנְגֶע צַייט הָאט דָאשׂ שׁוֹין גִיוֶוערְט וָואשׂ אִיךְ הָאבּ וִוידֶר גִישְׁפֶּענִיגְט זַיינֶע רֵייד והתמיד סתרו עלי אוּנ גָאט הָאט עֶשׂ אַזוֹא לַאנְג פַאר בָּארְגִין דֶעם עוֹנֶשׁ פוּן מִיר אוּנ הָאט מִיךְ נִיט גִישְׁטְרָאפְט אבקש מחילתו דְרוּם גִיהֶער אִיךְ אִים צוּ בֶּעטִין עֶר זָאל מִיר מוֹחֵל זַיין דִיא זִינְד קודם שיעברני אֵיי עֶר וֶועט מִיךְ בַּטְרִיבִּין כְּלוֹמֶר אֵיי עֶר וֶועט מִיךְ שְׁטְרָאפִין אוֹיף דֶער וֶועלְט או יענני אָדֶער עֶר וֶועט מִיךְ פַּייניגִן אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט והוא מה שאמר דוד אוּנ דָאשׂ אִיז

וואש

(תהלים י) רשע כגובה אפו בל ידרוש אין אלהים כל מזמותיו :

**והשבעה ועשרים** חשבון האדם עם נפשו כשתבא עליו רעה בגופו או בממונו או בענין מעניניו ויקבל הכל מאלהיו בשמחה ויסבול סבל רוצה בדין האלהים ולא סבל מתקצף על גזרתו כמ"ש (ישעיה ח) וחכיתי לה' המסתיר פניו מבית יעקב וקויתי לו ואל יהיה כמו שנאמר עליו (שם) והיה כי ירעב והתקצף וקלל במלכו ובאלהיו ופנה למעלה ודע אחי כי העשר נסיונות שנסה המקום את אברה' אבינו לא היינו משבחים לו עמדו בהם לולי שהיה מקבל הכל מאלהיו ברצון ובטוב לבב כמו שנאמר (נחמיה ט) ומצאת את לבבו נאמן לפניך

ויוצאי

או כעוה"ג · רשע כגובה אפו מחמת גובה אפו בל ידרוש לשוב בתשובה כי כל מזמותיו שאין אלהים משגיח עליו לענשו : והכ"ז ויסבול סבל הרוצה בדין האלהים ר"ל כשתבא עליו צרה ח"ו יקבלה בטוב לב בשמחה כמ"ש חז"ל חייב אדם לברך על הרעה בשמחה כשם שמברך על הטובה בשמחה כי אע"פ שהרעה כבר באה עליו ואין לו מנוס ממנה אינו דומה אם מקבלה מאתו ית' באהבה ואומר בודאי כל מה דעביד רחמנא לטב עביד והרעה היא טובתו בין שמוחלין בה בין שהם יסורין של אהבה ושב"י השבה לטובה אם כך תושב בדעתו באמת אזי מוחלין לו כמו שמבאר לפנינו ואם לאו שהרעה שבאה עליו היא לו לטורח ולמשא ובהכרת

וואש דוד המלך האט געזאגט אין (תהלים) רשע כגובה אפו דער רשע מחמת זיין הויך פנים כלומר מחמת זיין גדלות בל ידרוש פארשט ער גאר ניט וואש ער האט פריער געטאן אין אלהים כל מזמותיו אין אלע זיינע געדאנקן טראכט ער אלץ עש איז קיין גאט ניט פאר האנדין אדער אזוא איז דער פשט ער טראכט אין אלע זיינע מחשבות אז עש איז ניט פאר האנדין קיין משפט כלומר מען שטראפט גאר ניט פאר קיין עבירות :

**והשבעה ועשרים** אונ דאש זיבין אונ צוואנציגשטע איז חשבון האדם עם נפשו דער מענטש זאל בייא זיך זעלבשט געדיינקן כשתבא עליו רעה בגופו או בממונו ווען עש קומט אויף אים עפיס בייז אין זיין גוף אדר אין זיין געלט או בענין מעניניו אדער אין אזאך פון זיינע זאכן זאל ער דענמאלט געדיינקן ויקבל הכל מאלהיו בשמחה אונ זאל עש אלץ אן נעמען פון גאט מיט שמחה ויסבול אונ זאל עש ליידן סבל רוצה בדין האלהים מיט אזו אליידונג וויא דר וואש ער וויל אין גאטש דין ולא סבל מתקצף על גזירתו אונ ניט אזו אליידונג פון זעלכין וואש צארינט אונ איז ברוגז אויף גאטש גזירה כלומר ער מוז דאך ליידין דיא גזירה פון גאט וואש בדארף ער עש ליידן מיט צארן אונ רוגזה אמער איז בעשר אז ער נעמט עש אן באהבה אונ לייד דיא יסורים מיט אגוט הארץ אונ מיט שמחה גלייך וויא ער וויל די גזירה פון דעם בשעפר אזו וויא עש שטייט אין (ישעיה) וחכיתי לה' המסתיר פניו מבית יעקב אונ איך האף צו גאט ווען ער האט שוין פאר בארגין זיין שכינה פון דעם הויז געזינד פון יעקב וקויתי לו טוא איך פארט האפין צו אים ואל יהיה כמו שנאמר עליו אונ ער זאל ניט זיין אזו וויא דער וואש ווערט אויף אים געזאגט אין (ישעיה) והיה כי ירעב והתקצף אונ אז ער ווערט הונגריג טוט ער צארנן וקלל במלכו ובאלהיו אונ פלוכט זיין מלך אונ זיין אליל ופנה למעלה אונ דער נאך קערט ער זיך צוא גאט · זאגט דער מחבר ודע אחי אונ זאלשט וויסן מיין ברודר כי העשר נסיונות שנסה המקום את אברהם אבינו אז דיא צעהן פרובונג וואש גאט האט געפרובט צו אברהם אבינו לא היינו משבחים לו עמדו בהם וואלטין מיר אים ניט געלויבט ווייל ער איז בשטאנן אין זייא לולי שהיה מקבל הכל מאלהיו ברצון ובטוב לבב ווען ער וואלט זייא אלע ניט מקבל זיין פון זיין גאט מיט אבווילינגט אונ אגוט הארץ נאר דרום לובין מיר אים יוא ווארום ער האט עש אן גנומן מיט שמחה אונ מיט אגוט אונ אפרייליך הארץ אזוי וויא עש שטייט אין (נחמיה) ומצאת את לבבו נאמן לפניך אונ דוא האשט געפונען אז זיין הארץ

איז

ויוצאי מצרים לא נתחייבו להאשימם ולהוכיחם במדבר אלא על התקצפם ושלא היה לבם טוב עם האלהים ועם נביאו כמו שאמר (תהלים עח) ויפתוהו בפיהם ובלשונם יכזבו לו ולבם לא נכון עמו ופעמים רבות היו מראים מרדם ומריים באלהים והפרת בריתו כאשר תמצאם בכל ענין מתאוים לשוב מצרים והדומה לזה והסבל הטוב כל מדה טובה והסבל שבעליו מוכרח בו אןלבעליו שכר עליו ולא מחילה בו הסתכל אחי מה בין שני הסבלים והתבונן ההפרש שיש בין שני הענינים וחלוק ענין הסבל בנפשך לשלשה חלקים הסבל על עבודת האלהים והסבל על המרותו

ונסכרת והוא מוכרח לקבלה מפני שאין לו מנוס וברירה ותמתו בהוא שלא לרצונו פעמים שהוא מתרעם ג"כ על מדותיו ית' כמ"ש אולת אדם תסלף דרכו ועל ה' יזעף לבו ואצ"ש בסובל הוא מתקצף ומתרעם ובזה תבין היטב מ"ש שהחבר וכן אחז"ל ברכות ס"ת אמר רבא אם רואה אדם שיסורין באין עליו יפשפש במעשיו כו' כנ"ל ואמר רבא אמר ר"ה כל שהקב"ה חפץ בו מדכאו ביסורין שנאמר וה' חפץ דכאו החלי יכול אפילו לא קבלן מאהבה ת"ל אם תשים אשם נפשו מה קרבן אשם מביא אדם לדעת אף יסורין לדעת ואם קבלן מאהבה מה שכרו יראה זרע יאריך ימים ולא עוד אלא שתלמודו מתקיים בידו כו' וע"ש מה הן יסורין של אהבה · וחלוק ענין הסבל כו' ר"ל כל ענינים הסבלים לא ימלט שלא יהיה א'

איז גיטרייא פאר דיר ויוצאי מצרים לא נתחייבו להאשימם אונ דיא וואש זיינען אויש מצרים אויש גיגאנגן זיינן זייא ניט היב גיווארן מען זאל זיי שולדיג מאכן ולהוכיחם אונ מען זאל זייא שטראפן אין דער מדבר אלא על התקצפם נאר ווייל זייא זיינן צארינדיג גיוועזן וויא באלד גאט האט זייא מיט עפיס גיפרובט ושלא היה לבם טוב עם האלהים ועם נביאו אונ וויל זייער הארץ איז ניט גוט גיוועזן מיט גאט אונ מיט זיין נביא משה רבינו אזוא וויא עש שטייט אין (תהלים) ויפתוהו בפיהם אונ זיי האבין אים איבר גירעט מיט זייערע מיילר ובלשונם יכזבו לו אונ מיט זייערע צונגן האבין זייא פאר אים ליגן פיר גזאגט ולבם לא נכון עמו ווארום זייער הארץ איז ניט גיטרייא גיוועזן מיט אים כלומר זייא האבין גזאגט מיטין מויל זייא וועלין אים שוין דינען אונ דאש הארץ איז ניט גיוועזן דר בייא האבין זייא דאך ליגין פר אים גזאגט ופעמים רבות היו מראים מרדם ומריים באלהים אונ פיל מאל האבין זייא גוויזין זייער ווידער שפעניקייט אונ וויא זייא האבין מורד גיוועזן אין גאט והפרת בריתו אונ וויא זייא האבין פר שטערט זיין ברית כאשר תמצאם בכל ענין מתאוים לשוב מצרים אזו וויא דוא קענסט גפינן אין דער תורה שטייט בייא איטליכר זאך וואש עש איז זייא ניט גיגאנגן נאך זייער ווילין נאך האבן זייא גגלוסט זיך ווידר קערן קיין מצרים והדומה לזה אונ נאך זעלכע גליייכין והסבל הטוב אונ ווען איינר האט יסורים אונ לייד זיי מיט זיין גוטן ווילן דאש איז מדה טובה איין גוטע מדה והסבל שבעליו מוכרח בו אבער אזו אליידין וואש דער מענטש איז בצוואונגן דרינן כלומר ער וואלט עש זייער נים גיגערין גליטן אונ איז ברוגז פאר דיא יסורים וואש ער האט נאר ער מוז זייא אבר ליידין אין לבעליו שכר עליו ולא מחילה בו האט דר מענטש דר פון ניט קיין שכר פאר דיא יסורים וואש ער לייד אונ מען איז אים ניט מוחל זיינע עבירות דורך דיא יסורים לייד ער די יסורים גאר אום זיסט זאגט דער מחבר הסתכל אחי גיב אכטונג מיין ברודר מה בין שני הסבלים וואש דער חילוק איז צווישן די צווייא ערלייא ליידונג צווישין דעם וואש ער לייד דיא יסורים מיט זיין גוטן ווילן אונ צווישן דעם וואש ער לייד זיי אונ איז ברוגז והתבונן ההפרש שיש בין שני הענינים אונ פאר שטייא דעם הפרש צווישן דיא צווייא זאבן וחלוק ענין הסבל בנפשך לג' חלקים אונ צו טייל בייא זיך דעם ענין פון סבלנות אויף דרייא טייל כלומר אלערלייא מינים סבלנות קאן אנדריש ניט זיין אז איינש פון די דריי טייל הסבל על עבודת האלהים איינש איז ווען איינר לייד אלערלייא מינים פון שווערע ארבעט נאר ער זאל קאנן מקיים זיין גאטש דינסט והסבל על המרותו אונ דאש אנדרע איז ער לייד אלערלייא יסורים פדי

המרותו והסבל על פגעי העולם וזה החלק השלישי נחלק לב' חלקים והוא הסבל על מה שחסר או על העדר דבר אהוב ואיזה מהם שיהיה יכול שתתחייב בו על דרך העונש ומוחלין בו עוניך או שיהי' "התחלה מן האלהים לך על דרך הנסיון והמבחן וירבה בזה הבורא שכרך ויגדיל גמולך עליו ועל איזה מהם שיהיה מאלה השני פנים ראוי לך שתקבל מה שיבואך מאת האלהים מהם ברצון ובקבול טוב כמ"ש דוד ע"ה (תס כה) כל ארחות ה' חסד ואמת לנוצרי בריתו ועדותיו כי הרעה הבאה עליך אם היא למחול עונך היא אמת ואם היא התחלה מאת האלהים לתת תמורתה הגמול הטוב על סבלך הנסיון היא חסד ואיננה יוצאה מהסד ואמת ואם תטיב להסתכל בענינים האלה בלבך יהיה אחרית סבלך טוב והגמול עליו מובטח על כן אחי אל

א' מכלל אלה הא' הסבל על עבודת אלהים שיסבול כל מיני עבודה קשה כדי שיקיים עבודת ה': והב' הסבל על המרותו שיסבול כל מה שיבא עליו בלא להמרות את"ו נגד הבורא ית' כמ"ש ואהבת את ה' וגו' אפי' נוטל את נפשך: והוא הסבל על מה שחסר פרנסה שהיה לו או ד"א שנאהב אצלו יסבול וכן אם נעדר ונאבד ממנו דבר שהיה אהוב אצלו יסבול ויראה גזרתו ית' כי הכל לטובתו כמו שמבואר ומ"ה

("או שיהיה התחלה ר"ל שמה שבא דרך עונש האדם על חטאו הוא המתחיל בפעולתם מחמת חטאו אול' מה שבא לנסיון הוא יתברך המתחיל פ"ל :)

ער זאל ניט ווידר שפעניגן קעגן גאט והסבל על פגעי העולם אונ דאש דריטע איז דיא פגעים וואש ער לייד פון דער וועלט וועגין וזה החלק השלישי אונ דאש דריטע חלק נחלק לב' חלקים ווערט גטיילט אויף צווייא חלקים והוא אונ דאש זיינען דיא צווייא זאבין הסבל על מה שחסר ער לייד אויף איין זאך וואש ער וואלט עש גערין גהאט אונ האט עש ניט האט ער צער דרויף או על העדר דבר אהוב אדר עש ווערט פון איס פאר לארין א זאך וואש ער האט עש זייער ליב ואיזה מהם שיהיה אונ וועלכע עש מוס זיין פון דיא צווייא כלומר אונ וועלכע יסורים ער האט פון די צווייא יכול שתתחייב בו על דרך העונש קאן זיין דוא האשט עש פר דינט דורך דיין זינד אונ דאש איז דיר צוא גשיקט גיווארין פאר איין עונש ומוחלין בו על עוניך אונ דורך דעם ווערט מען דיר פאר געבין דיינע זינד או שתהיה התחלה מן האלהים לו אדר ווען ער האט ניט גיזינדיגט האט עש גאט אן גהויבן אונ גיגעבן צו אים על דרך הנסיון והמבחן אויף דעם דרך צו פרובין אים אויב ער ווערט בשטיין אונ ווערט די יסורים מקבל זיין באהבה וירבה בזה הבורא שכרך אונ דער מיט ווערט דיר דר בשעפר מערין דיין לוין ויגדיל גמולך עליו אונ ווערט מאכין גרויש דיין שכר אויף דעם כלומר ער ווערט דיר אגרויסן שכר דר פאר געבין ועל איזה מהם שיהיה מאלה השני פנים אונ אויף וואשער אופן עש ווערט זיין פון די צווייא אופנים ראוי לך שתקבל מה שיביאך מאת האלהים מהם גיהערשטו דאש זעלביגע וואש קומט דיר פון גאט אן צוא נעמן ברצון ובקבול טוב מיט דעם גוטין ווילין אונ מיט אגוטין קבול כלומר מיט שמחה אזו וויא דוד המלך עליו השלום האט גיזאגט אין (תהלים) כל ארחות יי חסד ואמת לנוצרי בריתו ועדותיו אלע די וועגין פון גאט זיינן גנאד מיט ווארהייט פר דיא וואש היטן זיין ברית אונ זיין תורה כי הרעה הבאה עליך דען דאש בייז וואש קומט אויף דיר אם הוא למחול עונך ווען דאש איז כדי דיינע זינד זאלן דורך דעם פאר געבן ווערן הוא אמת קומט עש דאך מיט רעכט ואם הוא התחלה מאת האלהים אונ ווען דוא האשט ניט גזינדיגט נאר גאט האט אן גהויבן אונ האט דיר גשיקט דיא צרה לתת תמורתה הגמול הטוב כדי ער זאל דיר פאר איר געבין איין גוטין שכר על סבל הנסיון ווייל דוא האשט גליטין דאש פרובונג הוא חסד איז דאש אחסד פון גאט ווארום פאר אזו אקריינקייט ווערט ער דיר געבין שכר אויף עולם הבא וואש דער שכר איז זייער גרויש ואינה יוצאה מחסד ואמת אונ עש גייט ניט ארויש פון חסד אדער פון אמת כלומר עש קאן ניט פעלין איינש פון דיא צווייא אדר ער גיט דיר דיא יסורים אויף דעם דרך פון חסד אדר פון אמת דאש הייסט דוא האשט

אל תתעלם לפקוד מחשבתך תמיד בענין הזה ואז יחזק סבלך לאלהים "ויקל מעליך בהעלותו "אל לבך צער הרעה ומרירות הסבל ויורה על רצונך הטוב בגזרת האלהים "והתנחמך בו "ובטחונך עליו כמו שנאמר (סס לה) הזקו ויאמץ לבבכם כל המיחלים לה׳ :

"ויקל ,האלהים. יסורים מעליך "אל לבך הלא כתוב׳ גורם ובזה יקפל לו ר"ל והתנחמך בו ר"ל ביסורים שבוא על תשליו כו "ובטחונך עליו כיס כדי להטיבו לעוה"ב

**והשמנה ועשרים**. השבון האדם עם נפשו אחר בטחונו על האלהים ומסרו אליו את נפשו ואת ממונו ובניו וכל עניניו כשישתנה ענינו ויגזור הבורא במה שאינו מפיק רצונו שיחשוב בנפשו שאדם נתן לחבירו במתנה בית או שדה ואחר כך

ומ"ה מפ׳ אופנה והיה היא · אל תתעלם לפקוד מחשבתך פי׳ מלפקוד ר"ל : ויקל מעליך בהעלות אל לבך צער כו׳ ר"ל אם תטוב להסתכל כו׳ אז יחזק סבלך אע"פ שהוא קשה נגד הטבע ומרה היא לסבול גזרות רעות אך כאשר תסתכל הדרך הטוב בענינים אלו ובמה ש תקבל הכל באהבה : ויורה על רצונך הטוב אז יהיה נראה רצונך הטוב ובטחונך הרבה מאד : ובס"ת ואל תהזור במה שנתת כו׳ · כמו שאתה סבור כי אין ספק באמת שאתה וכל אשר לך הוא בלו יתברך ופשיטא בלא תוכל להתרעם כלא אף גם לפי דעתך שבשבר הוא שלך לך מותר בבטחת על ה׳ ומסרת הכל לידו ראוי ג"כ שלא תתרעם על מעשהו כי כל אשר יחפוץ יעשה יתברך במתנתו

עש פאר דינט פאר דיינע עבירות וואש דוא האשט גטאן ואם תטיב להסתכל בענינים האלה בלבך אונ אז דוא וועשט דיא זאכן בייא דיר אין הארצן גוט איבר לייגן אונ דוא וועשט מקבל זיין דיא יסורים באהבה יהיה אחרית סבלך טוב וועט דער סוף פון דיין ליידן גוט זיין כלומר פון דיא יסורים וואש דוא ליידשט וועט דר סוף דער פון גוט זיין אויף דעם עולם הזה והגמול עליו מובטח אונ דעם שכר וואש דו וועשט דער פאר האבן אויף עולם הבא וועט דיר פאר זיכרט אונ גוויש זיין על כן אחי דרום מיין ברודר אל תתעלם לפקוד מחשבתך תמיד בענין הזה זאלשטו זיך ניט פאר הוילן צו גדיינקן תמיד דיין מחשבה אין דעם ענין ואז יחזק סבלך לאלהים אונ דענמאלט וועט שטארק ווערן דיין ליידן וואש דוא ליידשט פון גאט וועגן ויקל מעליך אונ גאט וועט גרינגער מאכן די יסורים פון דיר בהעלותו אל לבך צער הרעה אז דוא וועשט אויף ברייגגן אויף דיין הארץ דעם צער פון דעם בייז ומרירות הסבל אונ דאש ביטרקייט פון דעם צער וואש דוא מוזט ליידן כלומר דוא וועסט דיר אין זין ארייון נעמן וויא דיא זינד איז גורם אז דוא מוזט דורך דעם זעלבע יסורים ליידן וועשטו דורך דעם תשובה טאן וועט גאט דיר דיא יסורים גרינגער מאכן ויורה על רצונך הטוב בגזרת האלהים אונ דאש וועט אויך ווייזן אז דוא בישט צו פרידן מיט דער גזירה פון דעם בשעפר והתנחמך בו אונ דוא טרייסט זיך דער מיט אז דוא וועשט דורך דעם אפ קומן פאר דיינע זינד ובטחונך עליו אונ שטעלשט דיין בטחון אויף אים אז ער וועט דיר דער פאר געבן אגיטן שכר אויף עולם הבא אזו וויא עש שטייט אין (תהלים) הזקו ויאמץ לבבכם כל המיחלים ליי שטארקט איך אונ פעסט איך אייערע הערצר אלע וואש האפן צו גאט :

**והשמונה ועשרים** אונ דאש אכט אונ צוואנציגשטע איז השבון האדם עם נפשו דער מענטש זאל בייא זיך טראכטן אחר בטחונו באלהיו נאך דעם אז ער האט זיין בטחון אויף גאט געשטעלט ומסרו אליו את נפשו אונ האט אים איבר געענפערט זיין לייב ואת ממונו ובניו וכל עניניו אונ זיין געלט אונ זיינע קינדר אין אלין וואש ער האט זיין איינגיש האט ער זיך מיט אליםן נאר פאר לאזט אויף גאטש פירונג כשישתנה ענינו ווען דער נאך ווערט פאר ענדרט זיין פירונג ויגזור הבורא במה שאינו מפיק רצונו אונ דר בשעפר וועט אויף אים גוזר זיין אזעלכיש וואש ציהט ניט אויש זיין ווילן כלומר ווען נאך דעם אז ער האט גישטעלט זיין בטחון אויף גאט אונ האט אלץ צו אים איבר געענפרט פירט זיך אים ניט נאך זיין ווילן נאך שיחשוב בנפשו זאל ער בייא זיך זעלבשט טראכטין שאדם נתן לחבירו במתנה בית או שדה ווען איינר שיינקט זיין

כך עלה בלב מקבל המתנה להרוס אותו ולבנותו על ענין אחר או לשנותו מענינו הראשון היש מן הדין לנותן אותו לו שיאבל על מעשהו בו וידאג על שנותו אותו מענינו הראשון אחר שמסר לו הבית או השדה וכן אתה אחי אם התנדבת בנפשך ובממונך לאלהים אל תאבל על מעשהו בך כרצונו והנהגתו אותך כחפצו ואם איננו טוב לך בנראה ממנו אבל ראוי לך שתנוח דעתך עליו ותסמוך על הנהגתו המעולה וגזרת דינו ואל תהזור במה שנתת לו משלך כמו שאתה סבור ואל תראה הצער בעת גזר דינו עליך כ"ש שאתה אחד מיצוריו והוא יוצרך ומטריפך ומנהינך בטוב לך בגלוייך

חבר מתנה אהויז אדר אפעלד ואח"כ עלה בלב מקבל המתנה להרוס אותו אונ דער נאך איז גיפעלין דעם וואש האט מקבל גיוועזן די מתנה ער זאל דאש הויז צו ווארפן ולבנותו על ענין אחר אונ זאל עש בויען אויף אנדר מאניר או לשנותו מענין הראשון אדר ער זאל עש ניט צוא ווארפין נאר ער וויל עש פאר ענדרן פון זיין ערשטן גישטאלט היש מן הדין לנותן אותו לו שיאבל על מעשהו בו גיהער דען דער וואש האט אים עש גישיינקט צו טרויערן אויף דעם וואש יענר טוט אין דער שטוב כלומר אויף דעם וואש ער בויאט זיא איבר וידאג על שנותו מענינו הראשון אונ זאל זיך זארגין אויף דעם וואש ער האט זיא פאר ענדרט פון איר ערשט גישטאלט גיהער ער דאך זיך בוודאי גאר ניט מצער זיין אויף דעם אחר שמסר לו הבית או השדה וויל ער האט יענם דאש הויז אדר דאש פעלד איבר גיענפרט אין זיין רשות מעג יענר דאך טאן דער מיט וואש ער וויל וכן אתה אחי אונ אזו מיין ברודר גייט עש מיט דיר אויך ואם התנדבת בנפשך ובממונך לאלהים אויב דוא וועשט גדיינקין אז דוא האשט דיך בווילגט מיט דיין לייב אונ מיט דיין געלט אונ האשט עש איבר גענפרט צוא גאט אויף זיין פירונג אל תאבל על מעשהו בך כרצונו גהערשטו ניט צוא טרויערין וויל ער טוט מיט דיר אזו וויא זיין ווילן איז והנהגתו אותך כחפצו אונ פירט דיך נאך זיין בגער נאך ואם איננו טוב לך בנראה ממנו אונ ווען אפילו וויא דיר ווייזט זיך אויש דער פון איז נים גוט פאר דיר גיהערשטו דיך פארט ניט מצער זיין אבל ראוי לך שתנוח דעתך עליו נייערט עש איז ראוי צוא דיר דוא זאלשט מאכן רואן דיין דיעה אויף זיין פירונג ותסמוך על הנהגתו המעולה אונ דוא זאלשט זיך סומך זיין אויף זיין גוטע הנהגה האטשע דיר דאכט זיך עש איז נים גוט בדארפשטו וויסן אז דאש וואש ער טוט איז אלץ דיר לטובה אונ נעם אן פאר ליב וגזירת דינו וואש ער האט אויף דיר גוזר גוועזן מיט זיין דין ואל תחזור במה שנתת לו משלך אונ זייא ניט חוזר אויף דעם וואש דוא האשט אים גיגעבין פון דיינש דאש הייסט וואש דוא האשט זיך צו אים אין גאנצין איבר גייענפרט כמו שאתה סבור אזו וויא דוא מיינשט אז עש איז אלין דיין אייגינש נאר דוא האשט דאש אלץ איבר גענפרט צוא גאט זייא דער פון ניט חוזר כלומר ווארום צום אמת בישטו דאך מיט גאר וואש דוא האשט דיין אייגינש אלין זיינש גיהערשטו דאך בוודאי ניט מתרעם זיין אויף זיין פירונג וויא ער פירט דיך נאר אפילו וויא דוא מיינשט שוין אז עש איז דיין אייגינש נאר דוא האשט עש אלין צו אים איבר גיענפרט זייא פארט דער פון ניט חוזר אונ זייא ניט מתרעם אויף זיינע מדות ואל תראה הצער בעת גזר דינו עליך אונ זעה ניט אן דעם צער אין דער צייט אז זיין גזר דין גייט איבר אויף דיר כלומר לאז דענמאלט דער צער בייא דיר גאר ניט גיאכט זיין כל שכן שאתה אחד מיצוריו אונ מכל שכן דוא בישט דאך איינר פון זיינע בשעפנעש והוא יוצרך ומטריפך אונ ער האט דיך בשאפין אונ שפייזט דיך ומנהיגך בטוב לך אונ פירט דיך צו דיין גוטן בגלוייך ובנסתרך אין דיינע אנפלעקטע אונ פאר בארגנע זאכן איז דאך שוין אפשיטא אז דוא האשט ניט

בגלויך ובנסתרך ואם נעלם ממך הדבר כמו שאמר (הושע יא) ואנכי תרגלתי לאפרים קחם על זרועותיו ולא ידעו כי רפאתים :

**והתשעה ועשרים** שיתבונן יתרון נפשו על גופו ויכיר יתרון קצת בני אדם על קצתם עד שאדם אחד שקול כנגד אלף בני אדם וידע כי יתרונו אינו מבחות גופו אך מצד מעלות נפשו כמו שנאמר לדוד (שמואל ב יח) כי עתה כמונו עשרת אלפים כי אף הנשים שיש להם יתרון ביפיין כאשר תחסרנה מעלות הנפשות אין יופיין נאה ונויין מתגנה כמו שאמר החכם (משלי יא) נזם זהב באף חזיר אשה יפה וסרת טעם ואמר (שם לא) שקר החן והבל היופי וכפי הכרתך ביתרון נפשך על גופך ראוי לך להשתדל בתקוניה (ס"א להסתכל בתקנותיה) ובהצלתה אצל אדוניה המשקיף על

כמתנתו כמשל האדם המקבל מתנה : ואם נעלם ממך אע"פ שנעלם ממך מה כוונת ה' ית' בזה : והכ"ע ויכיר יתרון קצת ב"א כו' כמ"ש חז"ל שקול משה כנגד כל ישראל ואיתם כנגד י"ב אלף ויותר כנגד רובן של סנהדרין הכל בעבור יתרון נפשה שרמה כי כל הגופים שוים : מעלו' הנפשות ר"ל החכמה ובינה : וסרת טעם והוסר השכל כמו טעם זקנים יקח : זכותה לשון זך ונקי : רוח איש יכלכל מחלהו : כלו' שכל איש יוכל לכלכל ולתקן מחלת גופו כדי לרפאותו אבל רוח נכאה ר"ל כשמגיע החולי לשכל עצמו מי ישאנה יסבלנה ויתקננה

מתרעם צו זיין אויף זיין הנהגה וויא ער פירט דיך ואם נעלם ממך הדבר אונ חאטשי די זאך איז פון דיר פאר הוילין כלומר דוא פאר שטייסט ניט וויא ארום עס איז דיר דער פון אטובה פון דעסט וועגין איז דאש בוודאי צו דיר אטובה אזו וויא הושע הנביא האט גיזאגט ואנכי תרגלתי לאפרים אונ איך האב גיפירט צו אפרים קחם על זרועותיו אונ האב זייא גינומן ביא זייער ארום ולא ידעו כי רפאתים אונ זייא האבין ניט גיוואושט אז איך האב זייא גיהיילט :

**והתשעה ועשרים** אונ דאש ניין אונ צוואנציגסטע איז שיתבונן יתרון נפשו על גופו ער זאל פאר שטיין וויא זיין נשמה איז בעשר פאר זיין גוף ויכיר יתרון קצת בני אדם על קצתם אונ זאל דער קאנן דאש איין טייל מענטשן זיינן בעסר אז דיא אנדרע עד שאדם אחד שקול כנגד אלף בני אדם ביז עש גפינט זיך אז איין מענטש איז גלייך אז אנדרע טויזינט וידע כי יתרונו אינו מבחות גופו אונ זאל ווישין אז זיין חשיבות קומט אים ניט דורך דעם גוף אך מצד מעלת נפשו נאר דורך דער מעלה פון זיין נשמה אזו וויא עש איז גיזאגט גווארין צו דוד המלך כי עתה כמונו עשרת אלפים דען איצונד בישטו גלייך אז צעהן טויזינט פון אונז כי אף הנשים שיש להם יתרון ביופיין חאטשע אזעלכע ווייבר וואש האבין מעלות מיט זייער שיינקייט כאשר תחסרנה מעלות הנפשות אז עש גייט זייא נאר אפ דיא מעלות פון דער נשמה דהיינו אז זייא זיינן ניט פרום אדער זייא זיינן ניט קלוג אין יופיין נאה איז זייער שיינקייט שוין ניט שיין ונויין מתגנה אונ זייער שיינקייט ווערט מיאוס אזו וויא דער חכם שלמה המלך האט גיזאגט אין (משלי) נזם זהב באף חזיר אזוא וויא אגילדנע נאז באנד אין דיא נאז פון אחזיר איז דאך בוודאי ניט שיין ווארום ער קריכט מיט איר אין מיאוסקייט ארין אזו איז אויך אשה יפה וסרת טעם אשיינע פרויא וואש זיא האט ניט קיין פר שטאנד אונ נאך שטייט אין (משלי) שקר החן והבל היופי דר חן איז פאלש אונ דאש שיינקייט איז נארעש וכפי הכרתך ביתרון נפשך על גופך אונ ווערליג דוא דער קאנשט אונ פאר שטייסט אז דיין נפש איז בעסר פון דיין גוף ראוי לך להשתדל בתקוניה ניהערשטו צוא טראכטין אונ צו פלייסין זיך אויף דעם וואש איז איר אתקנה כלומר אויף דעם וואש פאר איר איז גוט ובהצלתה אונ אין איר בשירמונג פון בייזין כדי זיא זאל קאנן קומן אצל אדוניה צו איר הארין המשקיף על זכותה וואש ער לוגט אויף איר ריינקייט וקדרותה אונ אויף איר שווארצקייט ושבחה וגנותה אונ אויף וואש צוא איר איז אשבח אדער אשאנד ובחירתה בטוב וברע אונ וויא

על זכותה וקדרותה ושבחה וגנותה ובחירתה בטוב וברע ונטותה עם שכלה ועם תאותה על כן פקוד ענינה תמיד יותר מפקדך ענין גופך ודע כי גופך יותר קרוב להרפא מן הקשה שבחלאים כשיפול בו מרפואת נפשך ממדוה היצר כשהוא גובר עליה כמו שאמר החכם (שם יח) רוח איש יכלכל מחלהו ורוח נכאה מי ישאנה ואמר (שם ד) מכל משמר נצור לבך :

ויתקנה רוח הוא הכלל כמו אכן רוח היא באנוש וכו' : המשלים השלשים לפי שאוספי החשבון בא לבאר מהם שלשים פנים שיזכור אותם האדם תמיד וכאן השלוס והאחרון שבהם אמר שהוא שיזכור האדם

**המשלים השלשים** חשבון האדם עם נפשו בתנאי הגרות בעוה"ז ויחשוב מעלתו בו כמעלת אדם נכרי הגיע אל ארץ נכריה ולא הכיר א' מאנשי המדינה שהגיע אליה ולא היה א' מהם יודע בו אלא שאדוני המדינה חמל עליו לגרותו והודהו מה שיתקן ענינו בה ונתן לו מזונו יום יום וצוהו שלא ימרה את פיהו ולא

זיא דער ווילט אויש אין גוטש אדר אין בייז ונטותה עם שכלה ועם תאוותה אונ אויב זיא נייגט אונ פאלגט איר שכל אדר איר גילושטיקייט על כן פקוד ענינה תמיד דרום גידיינק תמיד אירע זאכין יותר מפקדך ענין גופך מער אז איידער דוא זאלשט גידיינקען דיא זאכין פון דיין גוף זאגט דער מחבר ודע אונ דוא זאלשט ווישין גופך יותר קרוב להתרפא אז דיין גוף קאן גיכער אונ גרינגער גיהיילט ווערן מן הקשה שבחלאים כשיפול בו פון די שטארקשטע קראנקהייט וואש זר פאלט דרינען אדיין מרפואת נפשך ממדוה היצר כשהוא גובר עליה קאן ער אלץ גרינגער אונ גיכער גיהיילט ווערין איי דיא נשמה קאן גיהיילט ווערין פון די ווייטאג פון דעם יצר הרע אז ער האט זיך גישטארקט איבער איר אזו וויא דער חכם שלמה המלך האט גיזאגט אין (משלי) רוח איש יכלכל מחלהו דער שכל פון דעם מענטשין טוט שפייזין זיין קראנקהייט ורוח נכאה אבער איין צו בראכין גימיט דאש הייסט ווען דער שכל איז קראנק כלומר ער איז פאר פירט אין דעם איבר ריידונג פון דעם יצר הרע מי ישאנה ווער קאן עש דר לײדין אונ ווידר פאר בעשערין אונ נאך שטייט דארטין מכל משמר פון ארעמען וואש דיא תורה האט גיבאטין דו זאלשט דיך היטין נצור לבך היט דער פון דיין הארץ:

**המשלים השלשים** אונ דער השבון וואש מאכט גאנץ די דרייסיג השבונות כלומר וואש מיט דעם השבון ווערט שוין זיין דרייסיג חשבונות פר פול איז דאש חשבון האדם עם נפשו דער מענטש זאל רעכין שאפט האלטין מיט זיין זייל בתנאי הגרות בעולם הזה פון וועגין דיא תנאים וואש אנר דאש הייסט אפרעמדער בדארף האלטין ווארום וייל ער איז דאך אויך אויף דער וועלט וויא אפרעמדר ויחשוב מעלתו בו אונ זאל רעכנן זיין מעלה אויף דער וועלט כלומר ער זאל זיך אזוא האלטין כמעלת אדם נכרי הגיע אל ארץ נכריה אזו וויא איין פרעמדער מענטש וואש ער קומט אין אפרעמד לאנד אריין ולא הכיר אחד מאנשי המדינה שהגיע אליה אונ האט ניט גיקאנט אפילו איין מענטש אין דער גאנצער מדינה וואש ער איז אהין גיקומען ולא היה אחד מהם יודע בו אונ קיין שום מענטש האט אים אויך ניט גיקאנט אלא שאדוני המדינה חמל עליו נארדער האר פון דער מדינה האט זיך איבער אים דר בארעמט לגירותו פון וועגין זיין פרעמדקייט והורהו מה שיתקן ענינו בה אונ האט אים גילערינט ווי ארום ער זאל קאנען פאר ריכטין זיין פירונג אין דער מדינה כלומר ער האט אים גיוויזין וויא אזו ער זאל קאנען אין דער מדינה אקיום האבין ונתן לו מזונו יום יום אונ האט אים אלע טאג גיגעבין זיין שפייז וצוהו שלא ימרה את פיהו אונ האט אים אן גיזאגט ער זאל ניט ווידער שפעניגין זיין בפעל דהיינו וואש ער הייסט ניט טאן ולא יעבור על מצותו אונ זאל ניט עובר זיין

ולא יעבור על מצותו וייחלו והפחידו בגמולו ובעונש כפי הראוי לזמן ולמקום והזהירהו על הנסיעה ולא הודיעו העת מן התנאים שהוא חייב בהם הכניעה והשפלות ולעזוב הגאוה ולהתרחק מן הגאון והגובה כמו שאמר בענין הזה (בראשית יט) האחד בא לגור וישפוט שפוט ומהם שיהיה מזומן לנסיעה ולהעתקה ולא ירגע ולא תנוח נפשו כמ"ש (ויקרא כה) והארץ לא תמכר לצמיתות וגומר ומהם שיחקור על דתי המדינה וחקיה ועל מה שחייבים בו למלך כמ"ש דוד ע"ה (תהלים קיט) גר אנכי בארץ וגו' ומהם שיאהב את הגר כמוהו שיסייעהו

האדם כתגלי הגרות כו' : וייחלו ל' תוחלה ר"ל שייעדו בגמול והפחידו לענש והזהירו על הנסיעה והזהיר אותו שיהא יום במוכרח לנסוע ואינו מודיע לו מתי יהיה הנסיעה : והארץ לא תמכר לצמיתות כי לי הארץ כי גרים ותושבים אתם עמדי גר אנכי בארץ אל תסתר ממני מצותיך · מאחר שאני גר ולא ידעתי במה טובין

זיין אויף זיין גיבאט דהיינו וואש ער הייששט אים צו טאן זאל ער עש מקיים זיין ויחלו והפחידו בגמול ועונש אונ האט אים גימאכט האפין כלומר ער האט צוא גיזאגט אז ער זאל אים בצאלין שכר אז ער וועט אים יוא פאלגין אונ וועט מקיים זיין זיין גיבאט אונ האט אים גימאכט פארכטין אז ער וועט שטראפין אים אז ער וועט אים ניט פאלגין כפי הראוי לזמן ולמקום ווערליג עש וועט זיך שיקין נאך דער צייט אונ נאך דעם ארט נאך כלומר עש איז פאר האנדין אזו אצייט וואש אז ער טוט דענמאלט איין עבירה שטראפט מען אים וויינגער דער פאר דהיינו אז ער טוט איין עבירה אז ער איז נאך קליין אונ עש איז ווידער פאר האנדין אזו איין ארט וואש דער עונש איז קלענער דהיינו אז ער טוט איין עבירה וואש איז ניט פאר האנדין דער בייא קיין חילול השם דאש הייששט אז קיינר זעהט ניט לערינט זיך קיינער פון אים ניט אפ איז דער עונש וויינגער אבער אז ער טוט איין עבירה וואש לייט זעהן אונ זייא לערנן זיך אויך אפ פון אים איז דער עונש גרעשר והזהירהו על הנסיעה אונ האט אים מזהיר גיוועזן אז ער וועט מוזין אוועק ציהן פון דער מדינה ולא הודיעו העת אונ האט אים ניט מודיע גיוועזן דיא צייט ווען ער וועט מוזין אוועק ציהען זאגט דער מחבר מן התנאים שהוא חייב בהם פון דיא תנאים וואש ער איז אין זייא חייב איז דאש הכניעה והשפלות דאש אונטער טעניגקייט אונ נידריגקייט כלומר ער בדארף זיין פאר אימליכין אונטער טעניג אונ נידעריג ולעזוב הגאוה אונ זאל פאר לאזין דאש גדלות ולהתרחק מן הגאון והגובה אונ זאל זיך דער ווייטערין פון הערשאפט אונ הויכקייט אזו וויא פון דעם ענין ווערט גיזאגט אין (בראשית) האחד בא לגור וישפוט שפוט די אנשי סדום האבין גיזאגט צוא לוט איינער קומט אהער צו וואונען אונ וויל איין שופט זיין דאש קומט ניט צו קיין פרעמדין ומהם אונ נאך איז פאר האנדין פון תנאים וואש דער פרעמדער בדארף האלטין שיהיה מזומן לנסיעה ולהעתקה ער בדארף תמיד זיין גרייט אוועק צו ציהען פון דער מדינה ולא ירגע ולא תנוח נפשו אונ זיין לייב זאל קיין מאל ניט גירואט זיין ווארום ער גיהער מורא צוא האבין אלע מינוט טאמער וועל איך איצונד בדארפין אוועק ציהן אזו וויא עש שטייט אין (ויקרא כה) והארץ לא תמכר לצמיתות אונ די ערד זאל ניט פר קויפט ווערין אויף צו פאר פאלין נאר אום יובל זאל דאש פעלד צו ריק גיין צום בעל הבית וואש האט זיא פאר קויפט ווארום איר זיינט נאר גרים בייא מיר ומהם אונ נאך איז פאר האנדין פון דיא תנאים וואש דער פרעמדר בדארף טאן שיחקור דתי המדינה וחוקיה ער זאל נאך פארשטין אויף דיא ריכט אונ דיא גיזעץ פון דער מדינה ומה שחייבים בו למלך אונ וואש מען בדארף דרינן טאן צו מלך אזו וויא דוד המלך האט גיזאגט גר אנכי בארץ איך בין א פרעמדער אין דעם לאנד אל תסתר ממני מצותיך בעט איך דיך דוא זאלשט ניט

טוסין רלון אדוני הארץ לכך אל תסתר וגו׳: שיפגע בעדו · שיתפלל בעדו: כדי הספוק · מבלי טורח על המותרות ר״נ: האחד

שיסייעהו ויעזרהו כמו שכתוב (דברים י) ואהבתם את הגר וגו׳ ואמר (ויקרא יט) כאזרח מכם יהיה לכם ומהם שימהר ויחיש להדבק בעבודת אדוני המדינה מפני שאין לו חומל שיפגע בו בעדו אם יקצר בעבודתו · כי ענינו הפך תשובת השונמית עת ששאל אותה הנביא (מלכים ב ד) היש לדבר לך אל המלך או אל שר הצבא שאמרה בתוך עמי אנכי יושבת כלומר שעמי ומשפחתי ידברו אליו בעבורי בעת הצורך ואינו כן ענין הגר אך כמו שאמר (תהלים קמב) הביט ימין וראה ואין לי מכיר וגומר ומהם שיסתפק במה שמזדמן לו מן המזון ובמה שימצא לו מדירה ומלבוש ולנהוג בכל ענינו כדי הספוק מבלי טורח ומהם שיזדמן לנסיעה ולחשוב בצידה לדרך ומהם שירבה בעיניו המעט מן הטובה ויאריך לשונו בהודאת מי שהטיב לו בה ומהם שיסבול הרעה

ניט פאר בארגין דיין גיבאט פון מיר כלומר איך זאל וויסן וואש דיין גיבאט איז כדי איך זאל מקיים זיין ומהם שיאהב את הגר כמוהו אונ נאך איז פון דיא זאכין וואש דר פרעמדער בדארף האלטן אז ער זאל ליב האבין דעם אנדרין וואש איז אויך אגר וויא ער שיסייעהו אז ער זאל אים העלפין אין זיין בדערפניש ויעזרהו אונ זאל העלפין אים פון שאדין מציל צו זיין אזו ווי עש שטייט אין (דברים) ואהבתם את הגר אונ איר זאלט ליב האבין דעם גר אונ אין (ויקרא) שטייט כאזרח מכם יהיה לכם ער זאל בייא אייך זיין ווי איין אלט גיזעסענר ומהם שימהר אונ נאך גיהער דר פרעמדר צו טאן אז ער זאל זיך איילין מיט זיין הארץ ויחיש אונ זאל זיך איילין מיט זיינע אברים להדבק בעבודת ארוני המדינה זיך צו בהעפטין צו דעם דינשט פון דעם האר פון דר מדינה מפני שאינלו חומל ווייל ער האט ניט קיין דער בארעמער שיפגע בו בעדו ער זאל בעטין דעם מלך פר אים אם יקצר בעבודתו אז ער וועט קירצין אין זיין דינשט כלומר ווייל אז ער וועט קירצין אין זיין דינשט האט ער דאך קיין פריינד ניט ער זאל בעטין פאר אים כי ענינו הפך תשובת השונמית דען זיין ענין איז פר קערט פון דער אשה שונמית וואש זיא האט גענטפערט עת ששאל הנביא אותה אין דר צייט אז אלישע הנביא האט זיא גיפרעגט היש לדבר לך אל המלך או אל שר הצבא האשטו עפיש זעלבעש וואש מען בדארף פון דיינט וועגין ריידין בייא דעם מלך אדר צום הייבט מאן שאמרה בתוך עמי אנכי יושבת האט זיא גיזאגט צווישין מיין פאלק וואון איך כלומר אונ דער מיט האט זיא גימיינט שעמי ומשפחתי ידברו אליו בעבורי אז מיין פאלק אונ מיין משפחה וועלין ריידין פון מיינט וועגין צום מלך בעת הצורך אז איך וועל נייטיג בדארפין ואיננו כן ענין הגר אבער דר ענין פון אפרעמדין איז ניט אזו נאר ער איז כמו שאמר אזו וויא דוד המלך האט גיזאגט אין (תהלים) הביט ימין וראה ואין לי מכיר איך לוג אויף דער רעכטר זייט אונ זעה אז איך האב ניט קיין פריינט ומהם אונ נאך איז פאר האנדין פון דיא זאכין וואש אפרעמדר בדארף האלטין שיסתפק במה שמזדמן לו מן המזון ער זאל זיך בנוגין לאזין מיט וואשערע אשפייז ער קאן קריגין ובמה שימצא לו מדירה ומלבוש אונ אויך זאל ער זיך בנוגין לאזין מיט וואשערע אדירה אונ מלבושים ער קאן קריגין ולנהג בכל ענינו כדי הספק מבלי טורח אונ זאל זיך נוהג זיין אין זיינע עניינים נאר וויפיל ער בדארף אונ זאל ניט טאן קיין איבעריגע טירחא ער זאל דווקא נאך האבין ומהם שיזדמן לנסיעה ולהעתקה אויך מוז ער זיך גרייט מאכין אוועק צו ציהן ומהם שירבה בעיניו המעט מן הטובה אויך בדארף בייא אים גרויש זיין דאש ביסיל גוטש וואש ער האט גיגעסין אין דעם פרעמדין לאנד ויאריך לשונו בהודאת מי שהטיב לו בה אונ זאל זייער וואול אונ פיל לויבין דעם זעלבינין וואש האט אים דיא טובה גיטאן ומהם שיסבול הרעה אם תבוא אונ נאך איז פון דיא זאכין וואש דער פרעמדער בדארף האלטין אז ער זאל ליידין דאש

בייז

הרעה אם תבא אליו והנזק אם יגיע אליו משבר רוחו ושפלות נפשו וחלישתו מדחותם מעליו ע"כ קבל על עצמך אחי תנאי הגרות בעוה"ז מפני שאתה בו גר באמת והראיה על גרותך ויחידותך בו כי בעת צאתך אל גדר ההויה והרכבתך בבטן אמך אילו היו משתדלים כל בני העולם להקדימך קודם לכן ברגע אחד או לאחרך רגע אחד או לקשור אבר מאבריך בחברו או להתירו או לצייר צורת מצורות אבריך הנסתרים והנראים או להתיר תנועה לאבר מאבריך הנחים או להניח הנע מהם או להחרידך לצאת מבטן אמך קודם עתך הנגזרת לך או לאחרך אחריה כהרף עין או להקל עליך הענין או להקשותו לא היו יכולים לך. על זה וכן אחר יציאתך אל העוה"ז לא היה אדם יכול להגיע מזונך אליך מבלי עזרת האל לך ולא להוסיף בגופך ולא להסר ממנו ואילו היית מעלה על לבך כי העולם כולו לך לבדך נשאר. מאין יושב לא היה

זה

בייז וואש קומט אויף אים והנזק אם יגיע אליו אדר אז איין שאדין קומט אויף אים זאל ער עש ליידין כלומר ער זאל עש מקבל זיין באהבה משבר רוחו פון וועגין זיין צו בראבין גימיט ושפלות נפשו אונ זיין נידריג לייב וחלישתו מדחותם מעליו אונ סחמת זיין שלאפקייט פון אוועק צו שטויסין זייא פון אים כלומר ווייל ער ווייש ער קאן זייא פון זיך ניט אוועק שטויסין על כן קבל על עצמך אחי דרום מיין ברודר זאיי אויף דיר מקבל תנאי הגרות בעולם הזה אויף דר וועלט די תנאים וואש אפרעמדר בדרף האלטין מפני שאתה גר בו באמת ווייל דו בישט דאך באמת נאר איין גר אויף דעם עולם והראיה על גרותך אונ איין ראיה וועשטו האבין אויף דיין פרעמדקייט ויחידותך בו אונ דיין איינקייט אויף דער וועלט כלומר אונ איין ראיה קאנשטו האבין אז דוא בישט נאר וויא אגר אויף דער וועלט כי בעת צאתך אל גדר ההויה ווארום אין דער צייט אז דו בישט ארויש גיגאנגן אויף דעם גדר וואש דוא זאלשט איין מענטש ווערין והרכבתך בבטן אמך אונ אז דוא בישט צו אננדר גיקניפט גיווארין אין דיין מוטרש בויך אילו היו משתדלים כל בני העולם להקדימך קודם לכן ווען עש זאלין זיך פלייסין אלע מענטשין וואש זיינן אויף דער וועלט זייא זאלין דיך פעדערין איין רגע פריער פון דר צייט וואש איז אויף דיר נגזר גיווארין או לאחרך רגע אחד אדער זייא זאלין דיך שפעטיגין אז דו זאלשט שפעטר בשאפין ווערין איין רגע פון דער צייט וואש איז נגזר גיווארין או לקשור אבר מאבריך בחברו אדער צו נויף קניפין פון דיינע אברים איין אבר מיט דעם אנדערין או להתירו אדר אויף צו בינדין איין. אבר פון דעם אנדרין או לצייר צורת מצורות אבריך אדר איין צורה צו מאכין אין איינע פון דיינע גלידער הנסתרים והנראים פון די פאר בארגענע אדר פון דיא גיזעהנע או להתיר תנועה לאבר מאבריך הנחים אדער צו מאכין רירין צו איינעם פון דיינע גלידר וואש מוזין שטיל שטיין או להניח הנע מהם אדר די אברים וואש מוזין רירין זאל ער מאכין שטיל שטיין או להחרידך לצאת מבטן אמך אדר ער זאל דיך מאכין איילין אז דו זאלשט ארויש גיין פון דיין מוטערש בויך קודם עתך הנגזרת לך פאר דער צייט וואש עש איז אויף דיר נגזר גיווארין או לאחרך אחריה כהרף עין אדער ער זאל דיך שפעטיגין איין אויגין בליק פון דער צייט או להקל עליך הענין או להקשותו אדר ער זאל אויף דיר איין זאך גרינגר מאכין אדר שווערער מאכין לא היו יכולים לך על זה וואלטין זייא דאך בוודאי קיין יכולת ניט גיהאט אויף דעם וכן אחר יציאתך אל העולם הזה אונ אזו איך אז דו בישט שוין ארויש גיגאנגן אויף דער וועלט לא היה אדם יכול להגיע מזונך אליך וואלט קיין מענטש דיר ניט גיקאנט דיין שפייז געבין מבלי עזרת האל לך ווען גאט זאל דיר ניט העלפין ולא להוסיף בגופך אונ ניט צוא מערין אין דיין גוף ולא להסר ממנו אונ ניט צו וויניגין פון אים ואילו היית מעלה על לבך אונ ווען דו זאלשט גדיינקן

אין

זה מוסיף בטרפך המגיע אותך אל אחריתך כשיעור הרדל וכן אילו היו נוספים אנשי העולם כפלים לא היה חסר לך מטרפך הנגזר לך כחרדל ולא פחות ממנו ולא יותר. וכן לא יוכל אחד מן הברואים להועיל לך ולא להזיקך ולא לאחד מהם יכולת להוסיף בימי חייך ולא לפחות מהם וכן לכל מדותיך וטבעך ומעלליך הטובים והרעים אם כן אין זה יחס בינך ובין הברואים או באיזו קורבה אתה קרוב אליהם או הם קרובים אליך האתה בעוה"ז כ"א גר שלא יועילוך רוב אנשיו ולא יזיקוך מיעוטם והאתה בו אלא כיחיד הבודד אשר אין לו צוות כי אם אדוניו ולא חומל עליו כי אם בוראו על כן התיהד אחי בעבודתו כאשר התיהד בבריאתך והנהגתך וטרפך וחייך ומותך ושים תורתו וספרו נוכח עיניך וייחל אל גמולו ופחד מעונשו וקבל תנאי הגר אשר העירותיך

שאתה בעוה"ז כי אם גר כלומר אינו שהוא ותמיד קיימת ר"ל מאחר שאין שום אדם בעולם אפילו קרוביך אינם יכולים להועיל לך בשום דבר שבעולם או להזיקך רק הכל ברצון הש"י וכי אין אתה בעוה"ז רק כגר ממש: והאתה בו אלא · וכי אין אתה בו : אלא כיחיד הבודד שאין לו צוות · ר"ל הגר אלא כו' : ע"כ התיחד אחי כו' ר"ל שתעשה עבודת ה' רק לה' לבדו בלא שום פניה ומחשבה לדבר אחר כמו שהוא יחיד בהנהגתו אותך :

אִין דַיין הַאִרְץ כי העולם כלו לך לבדך אַז דִיא גַאנְצֶע װעלְט זָאל בְּלַייבִּין נָאר פַּאר דִיר אַלֵיין גשאר מאין יושב דִיא װעלְט זָאל אִיבָּער בְּלַייבִּין אָן זִיצֶרְשׁ כְּלוֹמַר עֶשׁ זָאל קֵיינֶער נִיט װאוֹנֶען אִין דָער װעלְט נָאר דוּ אַלֵיין לא היה זה מוסיף בטרפך װאלְט דָאשׁ דִיר נִיט גִימֶערְט אִין דַיין שְׁפַּייז המגיע אותך אל אחריתך כשיעור חרדל װָאשׁ גְרֵייכְט דִיךְ בִּיז דַיין סוֹף אַזוֹ פִיל װִיא אַיין זֶענִיפְט כְּלוֹמַר אֲפִילוּ װָאשׁ עֶשׁ אִיז װָאלְט עֶשׁ נִיט גִימֶערְט אִין דַיין שְׁפַּייז וכן אוּנ אַזוֹ אוֹיךְ אילו היו נוספים אנשי העולם כפלים װָען עֶשׁ װאלְט װָערִין נָאךְ טָאפִּיל אַזוֹ פִיל מֶענְטְשִׁין אִין דָער װָעלְט װִיא עֶשׁ אִיז הַיינְט לא היה חסר לך מטרפך הנגזר לך כחרדל װָאלְט דִיר נִיט חָסֵר גִיװָארִין אֲפִילוּ אַזוֹ גְרוֹישׁ װִיא אַיין זֶענִיפְט פוּן דַיין שְׁפַּייז װָאשׁ אִיז דִיר נִגְזַר גִיװָארִין ולא פחות ממנו ולא יותר אוּנ אֲפִילוּ נִיט װֵיינִיגֶר פוּן אַחַרְדֶל אוּנ נִיט מֶער וכן לא יוכל אחד מן הברואים להועיל לך אוּנ אַזוֹ אוֹיךְ װֶעט נִיט קָאנֶען אֵיינֶר פוּן דִיא בַּשֶׁעפֶּענִישׁ צוּ הָעלְפִין דִיר ולא להזיקך אוּנ נִיט דִיר שָׁאדִין טָאן ולא לאחד מהם יכולת להוסיף בימי חייך אוּנ קֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט נִיט דִיא יְכוֹלֶת צוּ מֶערִין אִין דַיינֶע לֶעבּ טָאג ולא לפחת מהם אוּנ נִיט צוּ װֵיינִיגִין פוּן זֵייא וכן לכל מדותיך וטבעך אוּנ אַזוֹ אוֹיךְ אִין אַלֶע דַיינֶע מִדוֹת אוּנ אִין דַיינֶע נַאטוּרִין ומעלליך אוּנ אִין דַיינֶע װֶערְקִין הטובים והרעים דִיא גוּטֶע אָדֶר בֵּייזֶע הָאט אַרְץ קֵיין מֶענְטְשׁ נִיט קֵיין מַאכְט דָרִיבֶּר אם כן אוּנ װַייל דָאשׁ אִיז יוֹא אַזוֹ איזה יחס בינך ובין הברואים װָאשֶׁער אַיין שַׁייכוּת אִיז צְװִישִׁין דִיר אוּנ צְװִישִׁין דִיא בַּשֶׁעפֶּענִישׁ או באיזה קורבה אתה קרוב אליהם אָדֶר מִיט װָאשֶׁר אַיין נָאהֶנְטְקֵייט בִּישְׁטוּ נָאהֶנְט צוּ זֵייא או הם קרובים אליך אָדֶר מִיט װָאשׁ זַיינֶען זֵייא נָאהֶנְט צוּ דִיר האתה בעוה"ז כי אם גר בִּיסְטוּ דָען אִין דֶעם עוֹלָם נָאר װִיא אַגֵר שלא יועילוך רוב אנשיו אַז פִיל לַייט קָאנֶען דִיר נִיט הָעלְפִין כְּלוֹמַר עֶשׁ זָאלִין זַיין נָאךְ מֶער מֶענְטְשִׁין אוֹיף דֶער װֶעלְט אֵיי עֶשׁ אִיז הַיינְט קָאנֶען זֵייא אוֹיךְ דִיר נִיט הֶעלְפִין ולא יזיקוך מיעוטם אוּנ עֶשׁ זָאלִין װֵיינִיגֶער מֶענְטְשִׁין זַיין אַז הַיינְט קָאן דָאשׁ דִיר נִיט שָׁאדִין טָאן והאתה בו אלא כיחיד הבודד אוּנ פַאר װָאר דוּ בִּישְׁט אִין דֶעם עוֹלָם נִיט מֶער נָאר װִיא אֵיינֶער װָאשׁ אִיז גַאנְץ אַלֵיין אשר אין לו צוות װָאשׁ עֶר הָאט נִיט קֵיין בַּהֶעפְטוּנְג כי אם אדוניו נָאר זַיין הַאר ולא חומל עליו אוּנ הָאט נִיט קֵיין דֶער בַּארֶעמֶער אוֹיף אִים כי אם בוראו נָאר זַיין בַּשֶׁעפֶּער על כן התיחד אחי בעבודתו דְרוּם מַיין בְּרוּדֶער פַּאר אֵיינִיג זִיךְ אִין זַיין דִינְשְׁט כְּלוֹמַר דוּ זָארְשְׁט טָאן זַיין דִינְשְׁט נָאר פוּן גָאט װֶעגִין אַלֵיין כאשר התיחד בבריאתך גְלַייךְ װִיא עֶר אִיז אַלֵיין אִין דַיין בַּשַׁאפוּנְג והנהגתך אוּנ אִין דַיין פִירוּנְג וטרפך אוּנ אִין דַיין שְׁפַּייז וחייך ומותך אוּנ אִין דַיין לֶעבִּין אוּנ אִין דַיין טוֹיט ושים תורתו וספרו נוכח עיניך אוּנ שְׁטֶעל זַיין תּוֹרָה אוּנ זַיין

העירותיך עליהם על נפשך כל ימי חייך בעולם הזה תגיע אל נעימות העולם הבא כמו שאמר החכם (משלי כד) כן דעה חכמה לנפשך ואלה אחי שלשים פנים מאופני חשבון האדם עם נפשו לאלהים יתעלה כשתחשוב עם נפשך עליהם ותתן הדין מעצמך בהם "יבקע לך אורך ויקיף אותך זהרם וחשוב בהם והעלם על לבך כל ימי חייך ואל יספיק לך מעוט דברי בהם וזכרי אותם בדרך קצרה כי כל ענין מהם נושא כשיתבאר ויתפרש כפלים רבים ממה שזכרתי אך העירותי עליהם הערה והזכרתי הדורש אותם הזכרה "בדרך קצרה ולא הרבתי בדברים שלא יארך הספר ויצא מדרך כונתי בו אשר היא להעיר ולהורות ושימם נגד עיניך ונוכח ראותך והשיבם על

כן דעה חכמה לנפשך אם מצאת ויש אחרית ותקותך לא תכרת פי' כמו שהדבש מתוק לחכך כן תן דעתך לחכמה שיהיה מתוק לנפשך ועי"ז יהיה לך אחרית טוב ותקותך

"יבקע לך אורה פי' כי מקודם היה אורו גנוז בתוכו ועכשיו כשתתמיד בהם ותחזור בתבונה יבקע לך אורה ויזרח לך ר"ל :

כנ"ל בדרך קצרה כמאמר חז"ל לעולם ישנה אדם לתלמידו

ספר קענין דיינע אויגן דאש היישט תורה שבכתב אונ תורה שבעל פה ווייחל אל גמולו אונ האף צו זיין שכר ופחד מעונשו אונ פארכט זיך פר זיין עונש וקבל תנאי הגר אונ נעם אויף דיר דיא תנאים פון איין גר אשר העירותיך עליהם וואש איך האב דיך דער וועקט אויף זייא כלומר דיא תנאים וואש איך האב דיר פריער גירעכינט נעם זייא על נפשך אויף דיין לייב דו זאלשט זייא מקיים זיין כל ימי חייך בעולם הזה ווייל דו וועשט לעבן אויף דר וועלט תגיע אל נעימות העולם הבא דען וועשטו גרייכן צו דעם זיסקייט פון עולם הבא אזו וויא דר חכם שלמה המלך האט גיזאגט אין (משלי) אזו וויא האניק איז זיס צו דיין גומען כן דעה חכמה אז זאלשטו געבן דיין דיעה אויף דר חכמה כדי עש זאל זיין זיס לנפשך צוא דיין לייב אויף עולם הבא זאגט דר מחבר ואלה אחי שלשים פנים מאופני החשבון האדם עם נפשו אונ דאש זיינן מיין ברודר די דרייסיג ערלייא גשטאלט פון די אופנים פון חשבון וואש דער מענטש האט זיך אפ צו רעכנן מיט זיין זייל לאלהים יתעלה פון גאטש וועגן גלויבט איז ער כשתחשוב עם נפשך עליהם אונ אז דו וועשט רעכינשאפט האלטן מיט דיין זייל אויף זייא כלומר אז דו וועשט זיך זאלבשט בהשבנן אויב דו האשט דאש אלץ מקיים גיוועזן ותתן הדין מעצמך בהם אונ דו וועשט פון דיר זעלבשט געבן דעם דין אויף זייא כלומר אונ דו האשט גקירצט אין דעם אלץ יבקע לך אורם וועט דיר שיינן זייער ליכט (עיין בהג"ה) ויקיף אותך זהרם אונ זייער שיין גלאנץ וועט דיך ארום רינגלען וחשוב בהם תמיד אונ טראכט תמיד אין די דרייסיג השבונות והעלם על לבך כל ימי חייך אונ ברייננ זייא אויף דיין הארץ אזו לאנג וואש דו וועשט לעבין ואל יספיק לך מיעוט דברי בהם אונ לאז דיר ניט גינוג זיין וואש איך האב ווייניג גירעט אין זייא וזכרי אותם בדרך קצרה אונ וואש איך האב זייא דער מאנט מיט איין קורצין דרך כי כל ענין מהם דען איטליכר ענין פון דיא חשבונות נושא כשיתבאר ויתפרש כפלים רבים ממה שזכרתי אז ער וועט אויש גיקלערט אונ בשייד ווערין טראגט ער פיל טאפיל מאל מער פון דעם וואש איך האב דער מאנט כלומר אז דער ענין וועט בשיידט ווערין וועט מען קאנן פר שטיין פון אים פיל טאפיל מאל מער פון דעם וואש איך האב גישריבן אך העירותי עליהם הערה אונ איך האב נאר דר וועקט אויף זייא והזכרתי הדורש אותם הזכרה בדרך קצרה אונ האב דר מאנט מיט איין קורצין וועג דעם זעלביגין וואש ער וויל זייא נאך פארשטין אונ וועט זייא רעכט בשיידין ולא הרבתי בדברים אונ האב ניט גמערט מיט רייד כלומר אונ האב ניט מאריך גיוועזן דרינן שלא יארך הספר דאש דר ספר זאל ניט צו לאנג זיין ויצא מדרך כוונתי בו אונ עש וועט ארויש גיין פון דעם דרך וואש מיין כוונה איז גיוועזן דרינן כלומר מיט דעם וואש איך האב גישריבן דעם ספר אשר הוא

על לבך ומחשבתך אז יראה לך מהם בעת שתשנה אותם מה שלא נראה לך בראשונה מסודות נעלמים ומוסרים רוחניים ואל תחשוב כשתעיין בהם ותעמוד על הנראה ממלות כי כבר עמדת על כל צפוני עניניהם כי לא תגיע לזה מהם אלא אחר שתתן מחשבתך עליהם בחריצות ובהשתדלות זמן ארוך ופעמים רבות והיה מתישר בהם ומיישר אליהם תגיע אל הגמול הגדול מאת האלהים כמו שכתוב (דניאל יב) והמשכילים יזהירו כזוהר הרקיע וגומר ואמר החכם (משלי כד) ולמוכיחים ינעם :

ותקותך לא תכרת ממך לעולם : והיה מתיסר בהם ותהיה אתה מיוסר בהם בבלבים תשבונות האלה : ומייסר אליהם גם את אחרים תוכה עמך ביהיו גם כן מאוסרים בתשבונות האלה ועיין בשער התשובה בס"ו ממעלת סמוכ"ה להכירו והמוכה את הרבים באוקך :
והוא

כדרך קלרה כדי שלא יהיה עיקר כוונתו להבין הענין רק לקבל המוסר שבתוכו :

פרק ד **אך** תועלת החשבון הנזכר היא התולדה שמולדת הנפש בעמדה על בירור מה שקדם לנו בשלשים אופני החשבון הנזכרים והבנת עניניהם וצורת מציאתם

הוא להעיר ולהורות וואש מיין כוונה איז גיוועזן צו דער וועקין אונ צו לערנן דעם גוטין וועג איז דר צו בעשר מען זאל מקצר זיין אונ דר פון קאן איטליכר מענטש אליין פר שטיין נאך פיל מער זאכין (עיין בהג"ה) ושימם נגד עיניך אונ שטעל דיא זאכן קעגן דיינע אויגין ונכח ראותך אונ אקעגין דיין זעהונג כלומר דו זאלשט תמיד קוקין אין זייא והשיבם אל לבך ומחשבתך אונ נעם זיי אויף דיין הארץ אונ אויף דיין מחשבה אז יראה לך מהם דענסמאלט וועט דיר פון זייא גיוויזין ווערין בעת שתשנה אותם אין דר צייט אז דו וועשט זיי איבר לערנן דאש אנדרע מאל וועשטו דרוייש גיוואר ווערין מה שלא נראה לך בראשונה מסודות נעלמים ומוסרים רוחנים פון אזעלכע פאר בארגנע סודות אונ פאר שטאנדיגע שטראף רייד וואש איז דיר ניט גיוויזין גיווארין אז דוא האשט זייא דאש ערשטע מאל גלערינט ולא תחשוב כשתעיין בהם אונ דוא זאלשט ניט טראכטן אז דוא וועשט נאר מעיין זיין אין די דרייסיג חשבונות ותעמוד על הנראה מהם אונ וועשט נאר פאר שטיין וואש די ווערטר ווייזין אויש זאלשטו ניט מיינען כי כבר עמדת על כל צפוני עניניהם אז דו האשט שוין פאר שטאנען אלע זייערע פאר בארגנע ענינים כי לא תגיע לזה מהם ווארום דו וועשט דער צו ניט קומען אז דו זאלשט שוין פאר שטיין אלע פאר בארגענע סודות פון זייא אלא אחר שתתן מחשבתך עליהם בחריצות והשתדלות נאר נאך דעם אז דוא וועשט געבין דיין מחשבה אויף זיי מיט איין שארפן פר שטאנד אונ מיט פלייסונג זמן ארוך ופעמים רבות אלאנגע צייט אונ פיל מאל דרויף צו טראכטין והיה מתיישר מהם אונ האלט דיך רעכט פארטיג דרינען ומיישר אליהם אונ מאך נאך אנדרע אויך רעכט פארטיג דער צו כלומר דו זאלשט אליין תמיד טראכטין אין דיא דרייסיג חשבונות אונ פיר אנדערע אויך דר צו תגיע אל הגמול הגדול מאת האלהים דען וועשטו גרייכין דר פר צו אגרוישן שכר פון גאט אזו וויא עש שטייט אין (דניאל) והמשכילים אונ די קלוגע אונ פאר שטאנדיגע לייט יזהירו כזוהר הרקיע וועלן לייכטין אזו וויא דר גלאנץ פון דעם הימל אונ דיא וואש מאכין גירעכט פיל לייט כלומר וואש לערנן זייא דעם גוטן וועג וועלן לייכטן אזו וויא די שטערין אונ דר חכם שלמה המלך האט גזאגט אין (משלי) ולמוכיחים ינעם אונ צו די וואש שטראפין לייטין וועט ער געבין זיסקייט :

**אך** תועלת החשבון הנזכר נאר דאש העלפונג פון דעם חשבון וואש איז פריער דער מאנט גיווארן כלומר צו וואש קומט צו ניין דיא חשבונות וואש פריער איז גישטאנן הוא איז דאש התולדה שמולדת הנפש דיא תולדה וואש דאש נפש גווינט כלומר דיא מעשים טובים וואש דאש נפש וועט טאן בעמדה על בירור מה שקדם לנו בשלשים אופני החשבון הנזכרים דורך דעם אז זיא וועט קלאר

מציאתם ואמתת חיובם והמשך הנפש לקבלם עליה כפי הכרתה בהם וחשבתם ברעיונית ואז אחי תתילד בנפשך תולדה מעולה ודמה תלמד ממנה כל המדות הטובות ותגיע בה אל כל ההתמודות והיא זכות עצם הנפש מקדרות הסבלות המסירה חשכת הספק אשר

**והוא** וזכות עצם הנפש · פי׳ו יניח נפש זך וזכי : מקדרות הסבלות מתוך הסבלות שהחשך על נפשך : המסירה וגם פי׳ו יסיר מעליך חשכת החושך של הספקות שיש בלבך · הספק · קלומר:

בלבך וכבר ידעת כי כפי ברור ההקדמות ורוב מספרם ויושר סדורם תהיה התולדה המולדת מהם בבירורה וחשיבות מעלתה וכן הרכבת המרקחת במלאכת הרפואות כי תועלת המרקחת כח מעשיה יהיה כפי כח הסממנים אשר הורכבה מהם המרקחת וכן בחכמת השיעורים הנקראת בערבי אלהנד"סא כפי רוב ההקדמות המוקדמות בענין הנדרש תהיה חשיבותו ותועלת ידיעתו וכמו כן בהרבה מן המעשים כי הפלס לא

קלאר פאר שטין אין דיא הייסיג חשבונות וואש מיר האבין אייבין דער מאנט והבנת עניניהם אונ זיא וועט פאר שטין ווייטערע ענינים וצורות מציאתם אונ דאש גישטאלט כלומר דאש פנימות וואש ווערט גיפונין אין די ענינים ואמתת חיובם אונ וויא מען איז זיי באמת שולדיג צו האלטין והמשך הנפש לקבלם עליה אונ דיא זייל וועט פאר לאנגין דיא זעלביגי אן צו נעמין כפי הכרתה בהם וועדליג זיא האט פון זייא פאר שטאנען וחשבתם ברעיוניה אונ האט עש איבער גיהורט עטליכע מאל אין אירע גידאנקין אונ דערנאך אז דאש וועט אלץ אזוי זיין אזו וויא דא איז גישטאנען אחי מיין ברודר תתילד בנפשך תולדה מעולה ודמה וועט גיבארין ווערין אין דיין זייל איין חשובי אונ איין הויכע תולדה אונ וואש איז די תולדה תלמד ממנה כל המדות הטובות זיא וועט זיך דער פון לערנען אלע גוטע מדות ותגיע בה אל כל התמודות אונ וועט דורך דעם גרייכין צו אלע גילוסטיגע זאכין והיא זכות עצם הנפש אונ דאש איז דיא זייל וועט גידיינגט ווערין מקדרות הסבלות פון דעם שווארצקייט פון די נארעשקייט המסירה חשכת הספק אשר בלבך וואש דורך דעם וועט זיא אפ טאן דאש פינצטערקייט פון דיא ספיקות וואש אין דיין הארץ איז וכבר ידעת אונ דוא ווייסט דאך שוין לאנג וואל כי כפי ברור ההקדמות אז וועדליג דעם קלארקייט פון דיא הקדמות וואש מען גיט צוא אויך ורוב מספרם אונ וויא מער זייער צאל איז ויושר סדורם אונ וויא מער ווייער סדר איז גלייכער אונ בעסר כלומר וויא מער די הקדמות זיינן אין זייא מער קלערער אונ וויא גלייכר דיא הקדמות זיינען אויש גיסדרת תהיה התולדה המולדת מהם בבירורה וחשיבות מעלתה אזו פיל קלערער אונ בעסער וועט זיין דיא זאך וואש קומט ארויש פון דיא הקדמות וכן הרכבת המרקחת במלאכת הרפואה אונ אזו איז אויך דאש צו מישונג פון אפטייקרייא אין דיא מלאכות פון רפואה כלומר אונ אזו איז אויך אז מען וויל מאכין ארפיאה פון אלערלייא קרייטעכער כי תועלת המרקחת דען די הילף פון דעם אפטייקרייא וכח מעשיה אונ דעם כח פון דיא קרייטיכר וואש דיא רפואה ווערט דרויש גימאכט יהיה וועט דאש זיין כפי כח הסממנים אשר הורכבה מהם המרקחת נאך דעם כח נאך פון דיא קרייטיכר וואש דיא אפטייקרייא ווערט צו מישט פון זייא וכן בחכמת השיעורים אונ אזו איז אויך אין דיא חכמה פון רעכענען וואש מען בהארף עש רעכנען אויף דעם קאפ הנקראת בערבי וואש דיא חכמה ווערט אן גרופין אויף לשון ערבי אלהנדסא איז אויך כפי רוב ההקדמות המוקדמות בענין הנדרש ווא מער הקדמות וואש מען גיט פריער אויף דעם ענין וואש ווערט דר פון גלערנט תהיה חשיבותו ותועלת ידיעתו אזו פיל מער טוט זיין דאש חשיבות אונ דאש העלפונג פון דער זאך וואש מען ווייסט פון דיא הקדמות וכמו כן בהרבה מן המעשים אונ אזו אויך איז אין פיל ערלייא ווערקין כי הפלס דען אפגעוואגן אדר אקאנטיר לא יתכן למחבירו דורש

